דאָס בוך „ערנסטער שפּאַס“ דערשיינט מיט דער הילף פון אייניקע נאָענטע
פריינט פון מחבר צו דער געלעגנהייט פון זיין 55־סטן געבוירן־טאָג
און 35־סטן יובליי זינט ער האָט אָפּגעדרוקט
זיין ערשטן פעליעטאָן.

אַדרעס פון מחבר:
HERSH SHISHLER
P.O. BOX 7690
JOHANNESBURG
SOUTH AFRICA

# אינהאַלט:

# קויפט אַ יידיש בוך!

...ר׳ ייד, מיסטער, אנטשולדיקט! איך וויל אייך פאַרלייגן צו קויפן פון מיר אַ יידיש בוך, כ׳בין אַ יידישער שרייבער, בין איך! קוקט אָן, אַ פיין בוך, איר וועט אַ גרויסע הנאה האָבן. ס׳איז אַ בוך וואָס איז אַ צירונג צו האָבן אין א יידיש הויז. קויפט א בוך, דער פרייז איז ביליק, סך הכל צען שילינג!

וואָס זאָגט איר? איר האַלט נישט פון יידישע ביכער? מילא, איר זייט נישט דער איינציקער ייד וואָס האלט נישט פון יידישע ביכער, אָבער איר דאַרפט זיך נישט בייזערן אויף מיר. איר דאַרפט מיך נישט זידלען! איר ווילט נישט קויפן איז נישט. מיט קיין קאָזאַקן בין איך צו אייך נישט געקומען!

ס׳איז אַ גאָלדענער מסחר צו האַנדלען מיט יידישע ביכער. איך פאַרגין דאָס דעם ערגסטן יידישן שונא! ווען ס׳איז באַשערט זיך צו מוטשען זאָל ער ווערן א יידישער שרייבער און האנדלען מיט יידישע ביכער!

שוין דעם דריטן טאָג ווי איך שלעפּ זיך ארום מיט די ביכער און איר זאָלט זאָגן, אז עמעצער זאָל קויפן אַ בוך. ס׳איז אַן ארטיקל וואָס מען קאָן אויס־קומען אָן דעם. מען קוקט אויף מיר ווי איך וואָלט געווען א נישט נאָרמאַלער, באשר איך לייג פאָר קויפן א יידיש בוך!

ס׳האָט שוין געטראָפן אז אין א יידיש הויז, ווו איך האָב געבעטן מען זאָל פון מיר קויפן אַ בוך, האָט מען אויף מיר אויסגעטראַכט אז איך בין נישט קיין נאָרמאַלער מענטש, אז איך בין א געפערלעכער פאר דער געזעלשאפט און מען דאַרף מיך פארשפאַרן אין א משוגעים־אנשטאַלט!...

אָ, מיסטער, קויפט פון מיר אַ בוך!

וואָס זאָגט איר? כ׳זאָל זיך נעמען צו בעסערע געשעפטן ווי האַנדלען מיט יידישע ביכער? כ׳זאָל זיך בעסער אויסלערנען זיין א הויזן־שניידער און אויפגעבן מיין שרייבעריי, וועט מיר און מיין ווייב און קינדער בעסער זיין? יאָ, איך ווייס דאָס. אַ סך האָבן מיר דאָס שוין געראַטן. מיט עצות בין איך באַזאָרגט. יידן גיבן נאָר עצות!

אַנומלטן האָב איך אַ יידן פאָרגעלייגט קויפן א בוך, האָט ער זיך שרעק־לעך פאַנאַדערגעלאַכט. איך האָב געמיינט אז יענער איז נישט קיין נאָרמאַלער,

אָבער יענער איז געווען נאָרמאַל. ער האָט מיר געזאָגט, אז ווען ער זאָל חלילה נישט זיין נאָרמאַל, וואָלט ער געקויפט אַ בוך!...

יאָ, מען לאַכט פון מיר און פון מיר צאַפּט זיך דאָס בלוט. וואָס איז דאָ צו לאכן, וואָס? געבוג אז מען פטרט מיך אָפּ מיט פוילע תירוצים, אז מען האָט געבוג ביכער, מ׳האָט זיי נישט ווו אהינצוטאָן. דער קעלער און גאַראַזש איז שוין פול מיט זיי און צו לייענען איז נישטאָ קיין צייט. מען איז דאָך פארנומען, ביזי: בייטאָג אין ביזנעס און ביינאַכט — מיט קאָרטן!

איי, ווען יידן זאָלן וויסן כאָטש דעם חילוק פון א בוך צו קאָרטן וואָלט געווען גאָר אנדערש! ס׳איז דאָך אזא קאָלאָסאַלער חילוק. א בוך מאַכט קלערן, טראַכטן, פארטיפן זיך — און אמאָל מאַכט עס אויך איינשלאָפן!... אָבער קאָרטן? קאָרטן נעבעך נעמען אַוועק דעם שלאָף, נעמען צו די צייט, דעם שכל, דעם געדאַנק, דאָס געלט! איי, ווען יידן זאָלן דאָס ווען איבערקלערן, פאַר־טראַכטן זיך וועגן דעם! איז דאָך דער גרויסער אומגליק וואָס אָט די יידן ווילן נישט פארטראַכטן זיך און נישט קלערן! איז מיר טאַקע ביטער, טראָג איך זיך ארום גאַנצע טעג מיט מיין סחורה, מיט די ביכער און קיינער וויל מיך נישט אָנקוקן — בכדי נישט אָנצוקוקן און אריינצוקוקן אין מיינע ביכער!

נו, האָב איך אַ שיין פּנים און קוק שיין אויס!

יאָ, עס האָט מיר אַ גליק געטראָפן: אַ שכנה מיינע האָט זיך דערפרייט ווען איך האָב איר פאָרגעלייגט צו קויפן מיין בוך. אָבער די פרייד האָט זיך גיך אָפּגעקילט, ווייל יענע האָט מיך געבעטן נישט פאַרקויפן איר אַ בוך נאָר אויס־באָרגן. זי האָט גראָד עטלעכע פרייע טעג אָן ראַמי־פּאַרטיעס: אירע פריינד זיינען געפאָרן צום ים, האָט זי נישט וואָס צו טאָן, וועט זי מיר טאָן די בערישע טובה — און לייענען מיין בוך!

גוט איז דאָס, אז נישט קיין קונה האָב איך כאָטש א לייענער!

איך בין געווען ביי אַ היגן כלל־טוער, אַ גאַנצער מאַכער אין אַ פילאַנ־טראָפּישער אינסטיטוציע. צו דעם איז ער אויך א גרויסער גביר און נישט קיין קליינער קמצן... ווען איך האָב יענעם פאָרגעלייגט מיין בוך קויפן, האָט ער זיך שטאַרק באַליידיקט אויף מיר און געזאָגט, אז ער איז שוין לאַנג נישט קיין גרינער — און לייענט נישט קיין ביכער!...

ס׳איז אַן אומגליק. ס׳איז שוין נישטאָ וועמען צו פאָרלייגן אַ יידיש בוך! דאָך בין איך נישט געפאַלן ביי זיך און איך פּרוביר ווייטער מיין מזל. יאָ, ס׳איז דאָס מזל פון א יידיש בוך!...

אז מען דערזעט מיך שרייט מען: אָט קומט ער שוין דער שלימזל מיט די ביכער! דאָך לויף איך און פלי איבער גאַסן און הייזער, רייס שיך, רייס זיך אָפּ די הענט שלעפּנדיק די ביכער און רייס זיך אָפּ דאָס געזונט. אָבער עס זאָל עמעצער קויפן א בוך?! אויף אלץ האָט מען, פאר געמבלערייען, האָלידייס,

פּאַר סוויטהאַרטס, לוקסוסן, אפילו אויף צו קרענקען האָט מען, אָבער נישט פּאַר אַ יידיש בוך!

אַנומלטן האָב איך געטראָפן מיינעם אַ באַקענטן שרייבער, ער האָט מיט זיך געטראָגן צוויי שווערע וואַליזעס. פרעג איך אים: נו, ווי גייט עס עפּעס דער מסחר מיט די יידישע ביכער? האָט ער אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן ווי איך וואָלט נישט זיין נאָרמאַל און צו מיר געזאָגט: וואָס מיר יידישע ביכער, ווער מיר ביכער, שוין לאַנג דאָס אויפגעגעבן! איך האנדל היינט מיט דאַמען־קאָנפעקציע, מיט סיגאַרעטן, מיט ניילאָן־זאָקן — און דער עיקר האַנדל איך מיט קאָרטן! דאָס לעצטע גייט ביי מיר גאָרנישט שלעכט, אלע קויפן דאָס! איך בין נישט מער משוגע צו האנדלען מיט יידישע ביכער, ווער וויל דאָס היינט האָבן? יידן קויפן נישט קיין ביכער. מען קויפט אלץ, נאָר נישט קיין יידישע ביכער!

אז איך האָב אויסגעהערט מיין באקענטן שרייבער איז מיר נאָך מער אור־מעטיקער געוואָרן אויפן הארצן און איך האָב זיך געטראַכט: כ'האָב זיך אויסגעזוכט א פיינע פּרנסה — זיין א יידישער שרייבער און פארקויפן יידישע ביכער!

יאָ, כ'בין אַ יידישער שרייבער, כ'שרייב יידישע ביכער — און איך קוק זיך אויס די אויגן געפינען אַ קונה, אַ בעלן פאַר אַ יידיש בוך!

אבער וווּ געפינט מען אים?

# עצות פון אַ לייענער

— גוט וואָס איך האָב אייך געטראָפן, — האָט א ייד מיך אָפּגעהאלטן.
— איך זוך אייך שוין לאנג, כ'מוז אייך נייטיק זען!
— וואָס האָט פּאַסירט? — האָב איך געפרעגט דעם ייד.
— איר מאַכט זיך תמעוואַטע, איר ווייסט גאָרנישט?!
— ניין, כ'ווייס נישט!
— אוודאי, אז מען וויל נישט וויסן, ווייס מען נישט!
— אדרבה, איך וויל דווקא יאָ וויסן! רעדט דייטלעכער, לאָמיר הערן!
— איך מיין וועגן אייער צייטונג, כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, איז אַן עבירה נעמען אין האַנט. ס'איז פּוסט, טרוקן ווי אַ נוס און נישט אינטע־רעסאַנט!
— אזוי, טרוקן ווי אַ נוס?
— יאָ, טרוקן ווי אַ נוס! אַ צייטונג דאַרף זיין פעט ווי אַ שמאַלץ־הערינג
— אנטשולדיקט, פעטער, איר מוזט אוודאי האנדלען מיט הערינג?

— געטראָפֿן. אָבער דאָס האָט נישט צו טאָן מיטן ענין!
— וואָס פֿאַר אַן ענין?
— איר מאַכט זיך שוין ווידער תמעוואָטע? איך מיין די צייטונג!
— וואָס ווילט איר פֿון דער צייטונג?
— איך וויל אז אַ צייטונג זאָל זיין א צייטונג און נישט קיין שקאָרפּעטקע!
— וואָס, איר האַנדלט אויך מיט שקאַרפּעטקעס?
— לאָזט צו־רו, כ׳האנדל נישט מיט קיין שקאָרפּעטקעס. עס איז גענוג אז איך האַנדל מיט הערינג! — האָט דער ייד בייז אַ זאָג געטאָן.
— איז רעדט זשע גענויער, רעדט צום פּונקט!
— אזוי, ריידן צום פּונקט, און איר רעדט צום פּונקט?!
— איר ווייסט, — רופט זיך אָפּ צו מיר דער ייד, — איר רעדט שענער ווי איר שרייבט!
— אַ דאַנק פֿארן קאָמפּלימענט!
— ס׳איז נישטאָ פֿארוואָס צו דאַנקען. אַן אנדערער אויף מיין אָרט וואָלט אייך נישט געלייענט און נישט געהערט!
— פֿאַרוואָס?
— פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס?! — האָט דער ייד אויף מיר אַנגעשטעלט אַ פּאָר ווילדע אויגן, — וואָס מאַכט איר זיך פֿאַר אַ קוני לעמל, אַ לעמעשקע! איר ווייסט גאָרנישט. נעמט די צייטונג און קוקט אין איר אריין, וועט איר פֿאַר־שפּאָרן פֿרעגן: פֿאַרוואָס?
— וואָס למשל פֿאַרלאַנגט איר פֿון אַ צייטונג?
— איך פֿאַרלאַנג גאָרנישט, — האָט דער ייד אלץ בייז גערעדט, — אָבער אז מען נעמט א צייטונג דארף מען עפּעס האָבן פֿון איר, דארף מען זיך דער־כאַפּן דאָס האַרץ!
— אויף צו דערכאַפּן דאָס האַרץ, — האָב איך אין שפּאַס אַ זאָג געטאָן, — דאַרפֿט איר, ר׳ ייד, זיך אריינכאַפּן אין אַ שענק, אַ רעסטאָראַן אָדער ערגעץ אנדערשוווּ!
— איך בעט נישט באַליידיקן מיך, — האָט דער ייד גענומען ריידן מיט צאָרן, — איך בין נישט קיין שיכור און שיקט מיך נישט אין קיין שענק! איך רייד וועגן צייטונג. זייט וויסן אז איך ווייס וואָס אַ צייטונג איז. איך האָב שוין געלייענט צייטונגען מער וויפֿל איך האָב האָר אויפֿן קאָפּ!
— כ׳גלויב אייך! — האָב איך באַשטעטיקט, א קוק־טוענדיק אויפֿן יידנס ליידיקן פֿליכעוואַטן קאָפּ און קורץ געפֿרעגט: — וואָס זשע ווילט איר ר׳ ייד?
— וואָס איך וויל? כ׳וויל אז אַ צייטונג זאָל האָבן א פּנים פֿון א צייטונג, מען זאָל האָבן וואָס צו לייענען. פֿריילעכע נייעס זאָל זי געבן אירע לייענער!

— ווו זאָל מען נעמען פריילעכע נייעס? — האָב איך געפרעגט דעם ייד. איר ווייסט דאָך, אז ס'איז אומעטיק און טרויעריק אויף דער וועלט!

— טרויעריק־שמויעריק, פאראַן געגוג פון וואָס צו שרייבן! נעמט, למשל, און דרוקט וועגן דעם וואָס היטלער האָט אָפּגעטאָן, ווי אזוי ער האָט אומגעבראַכט זעקס מיליאָן יידן! אָט וועגן דעם ווער איך קיינמאָל נישט מיד צו לייענען. אזעלכע נייעס דאַרפט איר געבן. עס קומט צו אַ שטיק געזונט פון זיי לייענענדיק.

— אָך און ווי פון וואָס איך קומט צו געזונט!

— פרעגט נישט דעם רופא נאָר דעם חולה! — האָט דער ייד מיר דערקלערט. — איך ווייס וואָס איך רייד. דער לייענער זוכט נאָר אזעלכע באַשרייבונגען. וואָס מער איר וועט אזעלכע באשרייבונגען געבן, מער לייענער וועט איר האָבן. אָט נעמט מיך גופא פאַר אַ ביישפּיל. איך זוך נאָר אזעלכע נייעס. אויב עפּעס אַ באַשרייבונג, א נייעס, מאַכט נישט דעם לייענער פאַרקלעמען ביים האַרצן, טויג עס נישט. האָט דאָס שרייבן קיין טעם נישט!

— גוט, — האָב איך איבערגעשלאָגן דעם ייד, — איך וועל זען אז מען זאָל דרוקן אזעלכע זאַכן וואָס זאָלן אייך געפעלן, עס זאָל אייך פון זיי פאַרקלעמען ביים האַרצן!

— און איר מוזט אונדז לייענער געבן אויך אנדערע אומגליקן! — האָט דער ייד מיט באַגייסטערונג אויסגערופן. אַ צייטונג דאַרף דאָס ערשטע אָרט אָפּגעבן פאר אומגליקלעכע ליבעס, פאַר געשלעגן, פאַר עקסידענטן, באַנקראָטן, רויבערייען, פאָרפאַלן, מאָרדן. איר דאַרפט וויסן אז דער לייענער קוקט אויף זיי אויס! אָט, נעמט מיך גופא, איך קוק אויס אויף אזעלכע נייעס. ס'איז מיין גרעסטער פּלעזשור עס צו לייענען!

— גוט, כ'וועל שוין זען מען זאָל מאַכן רויבערייען, מען זאָל זיך שלאָגן, באַנקראָטירן און באשרייבן דאָס אין צייטונג! — האָב איך צוגעזאָגט דעם ייד.

— און איר דאַרפט אויך נישט פארגעסן וועגן שרפות! איר דאַרפט וויסן, אז א שרפה איז שטאַרק וויכטיק פאר א צייטונג. א שרפה ציט צו לייענער, מאַכט פּאָפּולער די צייטונג. נישט איין צייטונג איז געוואָרן רייך פון שרפות! אויב איר ווילט האָבן דערפאָלג מוזט איר זען צו האָבן אָפט עטלעכע שרפות. איר דאַרפט אויך זאָרגן פון צייט צו צייט האָבן ערד ציטערנישן, ווולקאַן־אויסברוכן, הוראַגאַנס, טאָנעדאָס, באַן־קאַטאַסטראָפעס, עראָפּלאַן־קראַכן און אנדערע אומגליקן! וואָס מער אומגליקן איר וועט האָבן אלץ בעסער וועט דאָס זיין פאַר אייך!

— גוט, גוט, כ'וועל שוין זאָרגן וועגן דעם אלעם, — האָב איך פארזיכערט דעם ייד, אבי אָפּצוטשעפּן זיך פון אים.

— יאָ, אז איר וועט דאָס אַלץ דורכפירן וועט איר זיין אָלרייט! פארגעסט אויך נישט איינצופירן א שידוכים־ווינקל, איר ווייסט דאָך דאָס לעבן מוז אָנגיין. איר זאָלט אויך געבן נייעס און פרייזן וועגן פראָפערטיס, הייזער. איר דארפט וויסן, אז נישט ווינציק יידן זוכן אין א צייטונג אַ באַרגיין, א מציאה. איר מוזט אויך געבן אָנווייזונגען וועגן רייסעס, וועגן באָקסן. ס'איז אויך וויכטיק איינצופירן אין א צייטונג ווי אויפצוברענגען און דערציען הינט מיט קעץ! איך וואָלט אייך נאָך פיל אָנגעוויזן וואָס איר האָט איינצופירן אין צייטונג, אָבער איך האָב קיין צייט נישט, איך יאָג זיך אהיים. איך מוז נאָך זיין ביי מיין שכן, ביי וועמען איך באָרג אויס די צייטונג. ער האָט מיך טאַקע געבעטן וועגן דעם אלעם וואָס כ'האָב מיט אייך געשמועסט אייך איבערגעבן. פאַרגעסט דאָס נישט אויב איר ווילט נישט פארלירן אַ לייענער!

---

# „פרעכטיק"

דער שרייבער זיינוול איז געקומען צו זיין חבר תנחום, וואָס זינדיקט אויך מיט דער פען, און אים געוויזן אַן אָנגעשריבענע זאַך זיינע, ער זאָל עס איבערלייענען און זאָגן זיין מבינות.

האָט תנחום גענומען און איבערגעלייענט די געדיכט־געשריבענע בויגע־לעך פאַפיר, וואָס דער שרייבער זיינוול האָט אים אונטערגעטראָגן, און אויס־געשריען:

— פרעכטיק!

— מיינסט דאָס ערנסט? — האָט זיינוול אויסגערופן.

— געוויס ערנסט! — האָט תנחום געענטפערט.

— אויב אזוי פארשטיי איך שוין, אז דו האָסט גאָר אַן אַנדער מיינונג וועגן מיין שרייבן! — האָט זיינוול געזאָגט מיט פאַרדרוס.

— פאַרוואָס טראַכסטו אזוי?

— אנדערש קאָן איך נישט טראַכטן. איך ווייס שוין, ווען א פען־חבר זאָגט פרעכטיק מיינט ער אז די שאַפונג איז גראפאָמאניע. איך קאָן זיך שוין אויף שרייבערישער חברשאַפט! — האָט זיינוול געזאָגט פאַרביטערט.

— ניין, האָסט א טעות, — האָט תנחום זיך אָפּגערופן, — איך בין נישט אזא וואָס זאָל זאָגן אזוי און טראַכטן אַנדערש. צוליב מיין ערנסטער באַציאונג און אויפריכטיקייט לייד איך גאָרנישט ווינציק.

— וואָס איז דאָ צו ליידן ? — האָט זיינוול מיט פאַרוווּנדערונג אָנגעקוקט תנחומען.

— אָט דיין פראַגע און פאַרוווּנדערונג פאַרשאַפט מיר נישט קיין פאַרגעניגן.

— און דיין אַרויסגעזאָגטע מיינונג וועגן מיין שאַפונג פאַרשאַפט מיר יאָ פאַרגעניגן ? — האָט זיינוול אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן.

— קיין פאַרדרוס זיכער נישט !

— אפשר מער פאַרדרוס ווי עפּעס אַנדערש ! — האָט זיינוול פאַרביטערט געזאָגט.

— פאַרדרוס ? — האָט תנחום אויסגערופן און געבליבן אָן ענטפער.

ביידע שרייבער זיינען געבליבן שטיל שווייגנדיק. ביידע האָבן זיי געקוקט אין אַן אַנדער ריכטונג. באַלד האָט תנחום זיך אויפגעהויבן, דערנעענטערט זיך צום שרייב־טיש, אַרויסגעריסן פון אַ שופלאָד זיינע מאַנוסקריפּטן, אויסגעקליבן פון זיי עטלעכע און געגעבן זיין חבר זיינוולען צו לייענען.

אין ערשטן מאָמענט האָט זיינוול נישט געוואָלט נעמען זיין חברס שאַפונגען אין האַנט. אָבער ער האָט עס יאָ גענומען. ער האָט אויף זיין לענגלעכער אויסגעקרימטער נאָז אַרויפגעזעצט אַ פּאָר גראָבע גלעזער און גענומען פאַר זיך פאַרלייענען. ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. נאָכדעם האָט ער זיך דערנעענטערט צו תנחומען און סאַרקאַסטיש א זאָג געטאָן :

— פּרעכטיק !

— אַ דאַנק.

— נישטאָ פאַר וואָס צו דאַנקען. ס'איז יענער „פּרעכטיק", דיין פּרעכטיק. דער פּרעכטיק וואָס טוט ווי, וואָס שניידט ווי מעסערס.

— אַנטשולדיק, זיינוול, עפּעס רעדסטו דאָך נישט צו דער זאַך, — האָט תנחום איבערגעשלאָגן, — ביסט אפשר וועגן וואָס אויפגערעגט, זאָג, שעם זיך נישט !

— דו רעדסט, תנחום, ווי אַ תם, פּונקט ווי דו וואָלסט גאָרנישט וויסן וועגן וואָס צו זאָגן. יאָ, פּרעכטיק, פּרעכטיק !

— וואָס פאַר אַ רייד זיינען דאָס, וואָס שטעכסטו מיך, זיינוול, מיטן פּרעכטיק, פּרעכטיק ?

— און דו תנחום האָסט יאָ געמעגט מיר ווי טאָן מיט דיין פּרעכטיק ? !

— ווי טאָן ? רייד פאַרשטענדלעכער, זיינוול, כ'האָב לחלוטין נישט אָן פאַרשטיין וואָס דו מיינסט.

— מאַכסט זיך תנחום ווי איך פאַרשטיי דיך נישט. האָסט דאָך געקאָנט זאָגן פּשוט, אָן דריידלעך, אַז דיר געפעלט נישט מיין שרייבן. אַז מיין שאַפונג איז וואַסער, חלשות, און נישט מיר ווי־טאָן מיט דיין שאַבלאָן־זאָג — פּרעכטיק !

— האסט דאך אויך געזאגט וועגן מיין שרייבן דאס זעלבע!

—יאָ, געזאָגט, בכיוון געזאָגט. וואָס פאר א גוט שבת אזא גוט יאָר. דיין פּרעכטיק איז מיר טיף אריין אין האַרצן, כ'וועל דאָס געדענקען, גוט געדענקען!

— האָט זיינוול געוועדט מיט צאָרן און זיך א ריס געטאָן פון אָרט, ארויס פון תנחומס צימער און אַ קלאַפּ געטאָן די טיר הינטער זיך אז אלץ האָט געגומען ציטערן, און נאָך מער האָט געציטערט תנחום וואָס איז געבליבן זיצן א בלייכער און נישט געוווּסט וואָס ארום אים קומט פאָר.

* * *

שפּעטער האָט זיך תנחום געכאַפּט, אז ער האָט געמאַכט א טעות. אנ־שטאָט לייענען זיין חבר זיינוולס שאפונג איז אים גאָר אריינגעפאַלן אין האַנט אַן אַנדער ארבעט, אַ גאָר געלונגענע זאַך פון אַ גרויסן שריפטשטעלער פון וואָס ער איז געוואָרן באַגייסטערט און עס האָט זיך ביי אים ארויסגעריסן דאָס וואָרט — פּרעכטיק!

אָבער דערוויל האָט דאָס איינציקע וואָרט גורם געווען אז עס זאָל אריינברענגען אַ בייזקייט צווישן צוויי פּען־חברים.

---

# זאָגעניש...

נאָך אידער א ייד ווערט געבוירן הייבט זיך שוין אָן א סדרה זאָגענישן: מען זאָגט אין אַ שעה מוצלחת וועט זיין א בן זכר, מען זאָגט, ס'שטימט נישט דער חשבון... נאָר מילא וואָס מענטשן זאָגן, דערוויל זאָגט מען מזל־טוב, מען טרינקט בראַנפן און מען זאָגט זיך לחיים.

נאָכדעם נעמען טאַטע־מאַמע לערנען דאָס קינד נאָכזאָגן וואָס זיי זאָגן. ווען דאָס קינד ווערט גרויס פארגעסט ער דערפאַר נישט די חזקה פון זאָגן. ווערט ער בר־מצוה, זאָגט ער די ברכות, מפטיר, זאָגט קדושה, זאָגט א גוט יום־טוב, גוט שבת, זאָגט אַ גוטן מאָרגן, א גוט יאָר, זאָגט אמאָל אויך אין טאַטן אריין...

האָט אַ ייד חתונה זאָגט ער הרי את. מען זאָגט אים צו נדן, אָבער שפּע־טער זאָגט מען אים: ניי דיר אַ בייטל. מען זאָגט אים צו קעסט אָבער נאָך דער חתונה זאָגט מען אַפּ אלץ וואָס מען האָט צוגעזאָגט. גייט אוועק א צייט פון גערעדט און געזאָגט, און בינו לבינו זאָגט מען אים אָן די גוטע זאָגעניש — דאָס וויב האָט געבוירן אַ זון. זאָגט מען אים מזל טוב און מען זאָגט, ער איז א בריה.

קומען שלעכטע צייטן זאָגט אַ ייד, ס׳איז ביטער. לויפט ער זוכן אַ גמילת חסד, זאָגט מען אים אָפּ. זאָגט ער, ס׳האַרץ האָט אים פאַרויסגעזאָגט אז מען וועט אים אָפּזאָגן. זאָגט ער אַ קרום־וואָרט זיין בעל הבית, זאָגט מען אים אָפּ פון דער ארבעט. זאָגט ער, ער האָט געפילט מען וועט אים אָפּזאָגן...

וויל אַ ייד זאָגן עמעצען א סוד, זאָגט ער, יענער זאָל אים צוזאָגן, אז ער וועט נישט אויסזאָגן. טרעפט חלילה אַן אומגליק א יידן זאָגט ער: גם זו לטובה: פאַלט אַ ייד אריין מיט אַ יידענע ארורה זאָגט ער, ער האָט צו זינגען און צו זאָגן.

אַ ייד זאָגט אָן בשורות טובות, זאָגט רכילות, זאָגט אויף יענעם וואָס אין קאָרט שטייט, און זאָגט, ער האָט גאָרנישט געזאָגט... אַ ייד זאָגט, ער האָט פיינט זיך צו באַרימען און הערט נישט אויף באַרימערייען זאָגן.

אַ ייד האָט ליב אריינצוזאָגן. אַ ייד האָט ליב צו זאָגן אַ וויץ, וואָס זאָל יענעם טאָן א שטאָך, און זאָגט, ער האָט עס געזאָגט אויף א געלעכטער. א ייד זאָגט און זאָגט — אז אַנדערע האָבן עס גאָר געזאָגט. זאָגט ער אז ער הייבט נישט אָן וויסן פון וואָס צו זאָגן, און זאָגט אז ס׳איז נישט זיין טבע צו זאָגן.

אַ ייד זאָגט סליחות, זאָגט קינות, זאָגט די הגדה, זאָגט תיקון, זאָגט ברכו נפשי, זאָגט פּרק, זאָגט תהילים, זאָגט אשר יצר, זאָגט ברוך שפּטרני, זאָגט קדיש, און נאָכן זאָגן דאָס אלץ — זאָגט ער אָפּ.

אז אַ ייד אַ נגיד זאָגט צו צדקה, הילף, זאָגט ער: שפּעטער. ווען מ׳קומט ביי אים מאָנען, זאָגט ער, אז ער ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן... בעט מען אים אַ באַשטייערונג, זאָגט ער אָפּ. ער זאָגט מען זאָל קומען אַן אַנדערש מאָל. און אז מען רייסט ארויס ביי אַ גביר עפּעס, זאָגט מען: גוט, אַ האָר פון אַ חזיר ארויסגעריסן.

אַ ייד האָט ליב צו זאָגן מבינות, האָט ליב צו זאָגן נביאות, האָט ליב צו זאָגן דעות, האָט ליב צו זאָגן לשון־הרע, האָט ליב צו זאָגן דרשות. אַ ייד האָט ליב צו זאָגן אז ער האָט פיינט צו ריידן און הערט נישט אויף זאָגן, אפילו נישט האָבנדיק וואָס צו זאָגן...

אַ ייד זאָגט אז שוויגן איז גאָלד. ווערט ער חלילה נישט געזונט זאָגט מען אים, ער זאָל רופן אַ דאָקטאָר. ווערט ער געפערלעך קראַנק, זאָגט מען אים אָפּ און מען נעמט זיך זאָגן תהילים. און אז דאָס זאָגן תהילים העלפט אויך נישט, זאָגט מען: ברוך דיין אמת. און יידן זאָגן: נו, וואָס איז דאָ פאַראַן צו זאָגן, ווען אלץ איז שוין אָפּגעזאָגט...

# רעדנער

עס זיינען פאַראַן כלערליי רעדנער: רעדנער טומלער, רעדנער שוויגער, רעדנער וואָס קאָנען נישט ריידן און רעדנער וואָס ווילן נישט הערן ווען אנדערע ריידן.

פאראן רעדנער וואָס ריידן צו דער זאַך, ריידן מיט טאַקט, מיט טעם, ריידן קורץ און אויסגעהאַלטן, און פאראן רעדנער וואָס פון זייער ריידן איז נישט אויסצוהאַלטן.

פאראן רעדנער וואָס לאָזן זיך בעטן, זיי זאָלן ריידן, און פאראן רעדנער וואָס ריידן אומגעבעטן... פאראן רעדנער וואָס ריידן פאר גרויסע מאסן, און פאַראַן נעבעך רעדנער וואָס ריידן צו די ווענט.

עס זיינען פאראן רעדנער וואָס מיט זייער ריידן רופן זיי ארויס פאַטאָס, אויפברויז, אינטערעס און געשפּאַנטקייט, און פאראן רעדנער וואָס מיט זייער ריידן יאָגן זיי ארויס דעם עולם פון זאַל . . .

פאראן רעדנער וואָס שיטן מיט הויכע ווערטער, שיינע פראזן. זיי ברענ־גען ביישפּילן פון די גרעסטע פילאָסאָפן און געלערנטע, ברענגען משלים און ציטאַטן, ווילן באַווייזן אז זיי קאָנען די קליינע אותיותלעך, אָבער דערזעען נישט ווי דאָס פּובליקום שלאָפט.

פאַראַן אָבער רעדנער וואָס ווילן די צושויער פאר קיין פאַל נישט לאָזן שלאָפן. זייער כוח הדיבור איז זייער גרויס און שטאַרק. זיי האָבן די קראַפט לעכערן די מוחות און נישט לאָזן שלאָפן.

עס זיינען פאראן רעדנער וואָס אָן וואַסער עפענען זיי נישט דאָס מויל. זיי מוזן האָבן פאר זיך אַ גלאָז וואסער. זיי זאָגן א וואָרט אָדער צוויי און טוען אַ זופּ. איז טאַקע נישט קיין חידוש וואָס זייערע רעדעס זיינען וואַסערדיקע.

פאראן רעדנער וואָס קאָנען אָפּריידן פאר שעהן־לאַנג. זיי ווערן נישט מיד. זיי קוקן נישט אויפן זייגער. אויך טריקנט זיי נישט דער גומען. זיי דאַרפן נישט קיין וואַסער. זיי ריידן מיט ברען און פייער און זעען גאָרנישט ווי אַ קאַל־טער ווינט שפּאַצירט ארום איבערן זאַל און איבער די ליידיקע בענקלעך...

פאראן רעדנער וואָס בעת זייערע רעדעס קוקן זיי אין פארשריבענע פּאַפּירלעך און לייענען ארויס. עס טרעפט אָפט אַז זיי פאַרבייטן די פּאַפּירלעך און הייבן אָן זייערע רעדעס פון סוף, אָבער אין גרעסטן טייל הייבט זיך ביי זיי גאָרנישט אָן.

פאַראַן ווידער רעדנער וואָס האָבן ליב צו ריידן וועגן קהלשע זאַכן, האָבן ליב זאָגן דעות, קריטיקירן אַלץ און אַלעמען, ארונטעררייסן אנדערע, אָבער אָפט טרעפט אז אזעלכע רעדנער ווערן אליין אראָפּגעריסן.

פאַראַן אויך רעדנער וואָס זיינען נישט קאַרג צו נוצן פרעמד־ווערטער, האַקן אריין פארשיידענע לאָזונגען און שיינע פראַזן. איז אָבער די צרה וואָס יענע קאָנען זיי נישט פאַרבינדן, צוזאַמענפירן. דער רעזולטאַט איז, אזא רעד־נער ווערט בכבוד גדול געשטערט און ארויסגעפירט.

פאַראַן אויך רעדנער וואָס צווינגען אויף אייך ארויף זייער דרשה — איר מוזט זיי אויסהערן. זיי סטראַשען, אויב מען וועט נישט אויסהערן זיי, וועלן זיי נישט אויפהערן ריידן.

פאַראַן רעדנער וואָס צייכענען זיך אויס אין זייערע דרשות מיט א „געשמאַקן יידיש", אַ יידיש וואָס איז כולו ענגליש, און זיי וועלן איינריידן, אז זיי ריידן אַ „פליין"־יידיש.

צווישן אַלע סאָרטן רעדנער איז אויך פאַראַן א סאָרט רעדנער, וואָס ווי נאָר זיי עפענען די מיילער צו ריידן טוט דאָס פובליקום זיי נאָך — מיט עפענען די מיילער צו גענעצן.

פאַראַן אויך גוטע רעדנער אזעלכע וואָס זאָגן זיך אָפּ צו האַלטן רעדעס. זיי האַלטן אז מען קאָן זיין א גוטער רעדנער ווען מען רעדט נישט. צו אזעלכע רעדנער קאָן מען שוין קיין טענות נישט האָבן...

דער בעסטער און אויפריכטיקסטער רעדנער איז דער, וואָס קומט ארויף אויף דער בינע און זאָגט דעם אמת אז ער האָט נישט וואָס צו זאָגן...

---

# פרײנדשאַפּט

איך האָב אַמאָל געהאַט אָן אַ שיער פריינד. מיט יעדן טאָג איז די צאָל געשטיגן מער און מער, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. די פריינד פלעגן קומען צו־אָפט, געקומען אין די פרימאָרגנס, בייטאָג, אין די אָוונטן. זיי זיינען געקומען אין די יום טוב־טעג, אין שבתים, אין וואָכעדיקע טעג. זיי זיינען געקומען ווען מען האָט זיי געבעטן און אומגעבעטן און אומדערווארט זיינען זיי אויך געקומען. זיי זיינען געקומען ווען זיי האָט זיך פארוואָלט, ווען זיי האָבן געהאַט חשק...

די פריינד זיינען געוואָרן אזעלכע אָפטע אריינגייער אין מיין הויז אז אָפט האָב איך זיך געפילט ביי זיך אין הויז, ווי איך וואָלט געווען א פרעמדער — און די פרעמדע, די פריינד, האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן גע־

ווען די בעלי־הבתים פון מיין היים. ווו איך האָב זיך נאָר אַ קער און ווענד געטאָן זיינען זיי געווען: אין קיך, אין באַד־צימער, אין דיינינג־רום, אין בעד־רום — אומעטום האָב איך געהאַט מיינע פריינד. צו דעם אַלעם האָבן די פריינד מיינע גענומען זאָגן דעות, געזאָגט חסרונות אין דער ווירטשאַפט. זיי האָט אויפגעהערט געפעלן ווערן די עסנס וואָס מיין פרוי קאָכט. איינער האָט זיך געקלאָגט אַז די טיי איז צו־קאַלט, אַ צווייטער — אַז די טיי איז צו־שוואַך. אַנדערע פריינד האָבן גענומען זיך באַקלאָגן אויף אונדזערע קינדער, אַז זיי טומלען צופיל און מען קאָן דאָך נישט זיין אין הויז! אַזעלכע קינדער דאַרף מען אָוועקשיקן אין „באָרדינג־סקולס", אין „האָומס" אָדער זיי גוט אַריינצימבלען... אויך האָבן די פריינד גענומען פאַרקרימען מיט די נעזער הלמאַי מיר האָבן ביליקע מעבל, קיין לייטישן דיוואַן ווו מען זאָל קאָנען זיך אַוועקזעצן, דאָס עלעקטרישע ליכט איז נישט גענוג ליכטיק און מאַכט קאַליע זייערע אויגן...

אויך האָבן די פריינד גענומען זיך באַקלאָגן אַז די באַדינער זיינען נישט העפלעך צו זיי, נעמען זיי נישט אויף מיט גענוג גאַסטפריינדלעכקייט. ווען זיי פאַרלאַנגען וואָס מאַכן יענע זיך נישט הערנדיק, האָבן נישט דעם מינדסטן רעספּעקט פאַר זײ, קוקן אויס מען זאָל זיי געבן „טיפּס". און אַז פריינד קומען איז, חוץ צובייסן, ווילן זיי אויך ריידן רכילות און שפּילן קאָרטן. דעמאָלט מוז זיין שטיל, די קינדער פאַרווערט מען צו ריידן, צו שפּילן זיך, אַפילו מאַכן זייער האָם־וואָרק.

אייניקע פרויען האָבן זיך באַקלאָגט, אַז מיר האָבן שלעכטע „נייבאָרס", נישט קיין דערצויגענע מענטשן: אַלעמאָל ווען זיי זיינען אָנגעשטרענגט און פאַרטיפט אין דער „ראַמי", האַקט אין קאָפּ אויף דער גאַנצער פאָרע דעם שכנס „ווייערלעס".

אַנדערע פריינד קומען אַרויס מיט כעס פאַרוואָס מיר האָבן אַ הונט? צום טייוול מיטן הונט! ווו איז טאָלעראַנץ, פריינדשאַפט? אַז געסט קומען דאַרף מען האָבן אין זינען נאָר זיי און ניט זיך, נישט קיין קינדער — און הינט אוודאי נישט! יעדעס מאָל ווען דער הונט קומט אַריין זאָגט מען: ברוך־הבא, דער הונט איז דאָ! ווו איז דער בעל הבית? די בעל הביתטע? אַנדערע ווידער קלאָגן זיך, הלמאַי מיר עסן „סאַפּער". פאַרוואָס האָבן מיר נישט אָפּגעגעסן אײדער זיי זיינען געקומען, און אויב מיר האָבן נישט באַוויזן אָפּצועסן פריער פאַר דאָס קומען פון פריינד, איז מען נישט קראַנק יענע מיטצובעטן עסן אָדער מען עסט אין גאַנצן נישט...

פריינד זיינען זייער דעליקאַטע מענטשן און זיי קאָנען נישט הערן אַז מען פאַרקלאָגט זיך פאַר זיי. זיי פאַרליידן נישט קיין אומעטיקע הייזער מיט אומעטיקע פּנימער — און אויב נאָר מער קלאָגט זיך פאַר זיי אַז דאָס געזונט איז נישט אינגאַנצן גוט אָדער די פּרנסה איז שוואַכער געוואָרן און ווען מען זאָגט

אז מען נייטיקט זיך נאָך אין אַ גמילות־חסד, דעמאָלט איז גאָר נישט גוט — מען פאַרלירט אַלע פריינד און עס איז אויס מיט דער פריינדשאַפט...

גיך פאַרלירט מען פריינד. זיי האָבן דאָך גוטע און דעליקאַטע הערצער. זיי קאָנען נישט זען יענעמס צרות, זוכן זיי זיך באַלד אויס אַנדערע הייזער מיט אנדערע מענטשן, ווו מען בייסט גוט צו און מען רעדט לשון הרע.

און, אָן עין הרע, עס פעלן נישט קיין יידישע הייזער ווו מען קאָן קומען און באַנייען די פריינדשאַפט. קומט מען טאַקע דאָרטן, מען מאַכט דעם אָנשטעל פון אײדעלע מענטשן, פון פריינד. מען פוצט זיך צו, מען וואַרפט אַריין אַ חניפהלע, אַ לאַקריץ־זיס ווערטל און אויך אַ וויץ — און ס׳איז ווידער דאָ די אַזוי גערופענע „פריינדשאַפט״.

---

# איידל און פיין

יעדער פון אונדז רעדט זיך איין אַז ער איז איידעלער און בעסער דערצויגן פון זיין שכן, פון זיינע פריינד. אַזוי רעדט מען זיך איין. יעדער טראַכט אַז ער איז בעסער, שענער, קליגער און איידעלער פון אנדערע, און אנדערע טראַכטן אויך גאָרנישט אַנדערש. רק זיי זיינען די קלוגע און איידעלע...

האָבן מיר טאַקע גרויסן מזל און גליק וואָס מיר לעבן צווישן איידעלע און גוט־דערצויגענע מענטשן. מיר באַגעגענען זיי אויף שריט און טריט ווו מען קערט און ווענדט זיך — אין הויז, אין גאַס, אין טראַמוויי, אין טעאַטער, אויפן בית־עולם — אומעטום!

די צרה אָבער וואָס די איידלקייט וועלכע יעדער פון אונדז באַזיצט, איז נישט אַזוי אַיי, אַיי. ווען מיר כאַפּן אַ נאָענטן בליק אין שפּיגל, זעען מיר זיך אָפּט פאַרקרימטע, פאַרקריפּלטע. למשל, ווען מען קומט אַריין אין אַ יידיש הויז ביי אונדז, נעמט מען אייך אויף — מיט בלינדע אויגן... מען זעט אייך נישט, מען איז דאָך פאַרביזנעוועט אין קאָרטן, און מען ווינטשט אייך זען אויף דער אַנדערער זייט.

אָבער אַזוי ווי מיר זיינען באַגליקט מיט איידעלע און גוט דערצויגענע מענטשן טרייבט מען אייך פון אַזאַ יידיש הויז נישט אַרויס. נאָכדעם ווי מען קוקט זיך נישט אום אויף אייך אַ שטיקל צייט, וואַרפט מען אייך צו עטלעכע ווערטער פון יוצא־וועגן, איר זאָלט זיך צוזעצן אַ ביסל. אָבער מען מיינט עס נישט... און ווען איר זעצט זיך צו ווו מען שפּילט אין קאָרטן, מוזט איר זיין זייער אַן איידעלער מענטש און איר מוזט האָבן שכל ווי זיך אויפצופירן: איר

טאָרט נישט זען, נישט הערן, נישט ריידן, אפילו נישט אָטעמען, ווייל דאָס דענערווירט שטאַרק די קאָרטן־שפּילער. איר מוזט זיצן ווי אַ ליימענער גולם, אויב נישט וועט מען אייך ניט האַלטן פאַר קיין גוט־דערצויגענעם מענטשן...

ווען איר גייט צו־גאַסט זאָלט איר אַלעמאָל קומען ווו מען האָט אייך געבעטן, ווייל ווען איר קומט אומגעבעטן קוקט איר אויס ווי א חוזק און עס דערוואַרט אייך א מיאוסער סוף. מען קוקט פארביטערט אויף אייך און אויף כלערליי אופנים זוכט מען אייך משלח זיין. מען געפינט שוין תירוצים, אז מען איז „פארבוקט", מען האָט אן „אפּאָינטמענט", מען איז ביזי — און מען ווערט פון אייך פטור...

אָבער אזוי ווי מיר זיינען איידעלע מענטשן קומען מיר נאָר דעמאָלט ווען מען בעט אונדז, און מיר זיינען אָנגעלייגטע געסט. מען קוקט דאן אויף אונדז מיט חשיבות, מען קוקט אונדז אין די אויגן, און מען קוקט אין די הענט זען צי מיר האָבן געבראַכט מתנות.

ווי גוט־דערצויגענע מענטשן גייען מיר צו צום טיש וואָס איז אָנגע־גרייט פון כל טוב — קאָלט, דערפאַר אָבער עסן מיר גאָר וואַרעם... מען אכלט מיט גרויסן אַפּעטיט. מען פירט זיך אויף איידל, מען רעדט נישט, נאָר מען עסט, מען איז נישט מפסיק. עס פּאַסט נישט זיין אנדערש פון אנדערע — מען וויל דאָך ווייזן אז מען איז איידעלע מענטשן...

ביים עסן שלעפּן מאַנכע געסט די נאָז־טיכלעך, וואָס זיי נוצן פאַר סער־וועטקעס. אָבער אין גוטע איידעלע היימען דערלאַנגט מען פאַר די געסט סערוועטקעס, פארשפּאָרן די לעצטע נעמען זייערע נאָז־טיכלעך פון די קע־שענעס.

באַלד נאָכן עסן כאַפּט דער עולם האַק און פּאַק, ווי בעת א קאַלעקשאָן, און לויפט אַוועק. ווייזט אויס, אז דאָס איז אַ שיינער מינהג. עס פּאַסט דאָך נישט זיצן ווען דער טיש איז פּוסטעוועט שוין... חוץ דעם איז מען ביזי, מען איז פאַרבעטן צו נאָך מענטשן. זאָגט מען האַסטיק „גוד ביי".

פאַרן אַוועקגיין דאַנקט מען האַרציק. אַלס איידעלע מענטשן דריקט מען אויס גרויסע באַגייסטערונג פאַר די געשמאַקע מאכלים און פיינע געטראַנ־קען וואָס די באַלעבאָסטע האָט צוגעגרייט. אָבער ווען מען איז אויף דער אַנדער זייט טיר נעמט מען באַריידן און אָפּלאַכן...

פאַראן איידעלע מענטשן, וואָס אין אזא פאַל רעאַגירן זיי און מוסרן אויס, אז ס'איז נישט שיין צו חוזקן און אָפּלאַכן. ס'איז גענוג, האַלטן זיי, האָבן אין זינען, אין דער מחשבה, פאַרבאָרגן אין הארצן, אז יענע זיינען גרויסע פּאַרזוויניקעס, חזירים...

אויך פּאַסירט אז געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס זיינען זייער איידל. זייער איידלקייט איז ארויסצוזען בעת דעבאַטעס און דיסקוסיעס, זיי באַמיען

זיך אויסצומיידן קאָנפליקטן. אַנשטאָט דאָס וואַרפן זיך מיט אַרגומענטן און באַליידיקונגען, וואַרפן זיי זיך — מיט בענקלעך...

איך וואָלט דאָ געקאָנט נאָך ברענגען פיל, פיל ביישפילן. אָבער צו־וואָס? איך האַלט אז אלע זיינען מיר גוטע און אידעלע, ווילע און פיינע — ספּעציעל מיינע ליבע לייענער. שוין דערמיט אליין זיינען זיי גוט־דערצויגענע וואָס זיי האָבן געהאַט געדולד איבערצולייענען עס. דערמיט אליין זיינען זיי שוין טאַקע אידל און פיין...

---

## רק מתנות

ס׳איז ביי אונדז געוואָרן א מאָדע צו געבן מתנות. מען גיט מתנות אויף שריט און טריט, ביי פארשיידענע געלעגנהייטן. אויף מתנות קוקן אויס יונג און אַלט, אָרעם און רייך — אלע ווילן באקומען מתנות, און ווען מען גיט נישט קיין מתנות קוקט מען אויף אייך קרום. מען האָט א פּנים פון א חוזק און אין גרעסטן טייל, אין אזא פאַל, קוקט מען אויף אייך אינגאַנצן נישט. איז דעריבער דאָס מתנות געבן שטאַרק אריין אין דער מאָדע. מען גיט מתנות לכבוד יום־טובים, לכבוד שמחות, לכבוד „בירטדייס״, גאָלדענע חתונות, זילבערנע חתונות, דימענטענע חתונות — און לכבוד סתם חתונות, אפילו נישט קיין גאָלדענע און נישט קיין אייזערנע, אָבער מתנות גיט מען.

אז יידן פאָרן ערגעץ אוועק גיט מען זיי מתנות. קומען זיי צופאָרן — איז ווידער מתנות. די מאָדע צו פאָרן ביי אונדז איז גאָרנישט קליין. מען שמועסט אגב, אז פיל פאָרן צוליב דעם, כדי מען זאָל זיי געבן מתנות, „פּרעזענטס״ בלע״ז.

און ווען עס קומען ביי אונדז יום טובים שיקט מען זיך קעגנזייטיק מתנות. מען קוקט נישט אזוי אויס דעם יום טוב ווי די מתנות... אָן מתנות איז דער יום טוב קיין יום־טוב נישט. מען שיקט זיך מתנות צוליב דעם אז עס זאָל אָנהאַלטן די יום־טובדיקייט... קויפט זיך איינער א ניי הויז איז דאָס ערשטע דערוואַרט ער אז מען זאָל אים ברענגען מתנות. מעגלעך טאַקע צוליב די מתנות האַנדלען זיך יידן איין נייע הייזער... קומען יידן אין די נייע הייזער און ברענגען מתנות ווער קלענערע, ווער גרעסערע, אָבער מען ברענגט.

ווען עמעצער איז חלילה קראַנק און מען קומט אים מבקר חולה זיין, ברענגט מען מתנות. פאראַן אזעלכע וואָס האלטן, אז עס לוינט קרענקען — מען ברענגט דאָך מתנות. און אויב עס טרעפט אז מען ברענגט דעם חולה קיין

מתנות נישט — קרענקט ער נעבעך... און פאראן אזעלכע ווען זיי דארפן געבן אַ מתנה, קרענקט זיי... נישט געקוקט אויף דעם אלעם גיט מען זיך מתנות און מען געדענקט די ווערט ווי אָפּצושאַצן זיי. למשל ווען מען גיט איינעם א פיינע מתנה, קאָן יענער קיין חזיר נישט זיין און גיט אויך צוריק אַ ווערטפולע מתנה. גיט ווער א ביליקע מתנה, גיט מען צוריק א מתנה וואָס איז ווערט קדחת מיט כשרן פּאַדעם...

ווען מען קומט צו רייכע מענטשן שטעלט מען זיך שיין און מען ברענגט שיינע מתנות. עס פּאַסט דאָך נישט געבן א ביליקע זאַך צו רייכע מענטשן! און ווען רייכע קומען צו אָרעמע פּאַסט זיי אַלץ צו געבן. עס פּאַסט זיי אפילו גאָרנישט געבן... אָבער ווי עס זאָל נישט זיין היט מען דעם שיינעם מנהג פון ברענגען מתנות. פאראן מענטשן וואָס שעמען זיך נישט דערמאָנען צו ברענגען זיי מתנות. מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, מען קאָן דאָך פאַר־געסן אויך, איז טאַקע גאַנץ אָפט דערמאָנט מען...

אָבער די מאָדע פון די מתנות איז שטאַרק אין דער מאָדע. יידן גיבן זיך מתנות און מען איז צופרידן.

---

# ווי אַזוי מען פאַרלירט פריינד...

מיינע ליבע לייענער וועלן איבערלייענען דאָס קאַפּל און זיך טראַכטן: אַ נאַרישע טעמע איז עס. אַ בעסערע טעמע וואָלט געווען צו באשרייבן ווי מען געפינט פריינד. וועל איך דאָ דערקלערן קורץ: צו פאַרלירן איז אַ סך לייכטער ווי צו געפינען. כדי צו געפינען דאַרף מען אַ סך זוכן, און אין גרעסטן טייל העלפט נישט דאָס זוכן. אָבער צו פאַרלירן קומט אָן זייער לייכט, בפרט נאָך פריינד צו פאַרלירן. ביי יעדער געלעגנהייט, צו יעדער צייט, איז זייער לייכט צו פאַרלירן פריינד. אַ פריינד איז אזא מין זאַך וואָס גליטשט זיך זעלטן אריין אין מענטשנס הענט, אָבער עס גליטשט זיך גיך ארויס. ביי יעדער קלייניקייט קאָן מען פריינד פאַרלירן. האָט עמעץ אַ פריינד און רעדט זיך פאַר אים אויס זיין האַרץ ווי ביטער אים איז, איז דאָס דער וועג צו פאַרלירן דעם פריינד. אויב יענער בעט נאָך אז דער פריינד זאָל אים העלפן, געבן אַ גמילות חסד, איז דאָס שוין אַ זיכערע זאַך אז ער האָט פארלוירן זיין פריינד...

אז מען האָט א פריינד דאַרף מען וויסן ווי אַנצוגיין מיט אים, ווייל אַ פריינד איז נישט סתם עפּעס א מענטש. א פריינד האָט ליב אז מען צאַצקעט

זיך מיט אים; אז מען זאָגט אים יעדע מינוט גוטע ווערטער, זיסע רייד; אז מען לויבט אים, מען הויבט אים אויף; אז מען זאָגט אז אנדערע לגבי אים זיינען גאָרנישטן, אז נאָר ער איז גוט און פיין, און אויב חלילה מען פירט זיך אנדערש אויף איז א גרויסע געפאַר צו פארלירן אזא פריינד.

אַ פריינד איז אזא נפש וואָס האָט ליב אז מען לאַכט אָפּ פון דער גאַנצער וועלט, אז מען זאָגט אז נאָר ער איז אַ פיינער און טייערער מענטש; אז ער האָט א הארץ פון א מלאך און אנדערע האָבן הערצער פון גזלנים; אז ער גיט צדקה, ער העלפט אָרעמע, איז א גרויסער אינטעליגענט און אנדערע זיינען עם־הארצים. אזוי לאַנג ווי מען זאָגט אזוי איז קיין געפאַר נישטאָ צו פאַרלירן קיין פריינד. טאָמער חלילה איז אַ ייד א שוטה און ער זאָגט דעם אמת, ער ווייזט אָן זיין געוועזענעם פריינד אז ער איז א ביטערער נפש, א פארדאָרבענער, האָט אַ פארשטיינערט האַרץ, וועט יענעם דורס זיין פאַר אַ פעני, איז, פאַרשטייט זיך, אז אזא ייד וועט שוין אים פאר קיין פריינד נישט האָבן.

אויב מען וויל האָבן פריינד דארף מען וויסן ווי מיט זיי האנדלען, מען דאַרף צובאָמקען אויף אַלע שטותים וואָס דער פריינד זאָגט, זאָגן אים אז דאָס זיינען זייער קלוגע און געניאַלע געדאנקען... מען דארף נישט בעטן קיין הילף ביי פריינד, מען דאַרף נישט בעטן קיין טובות פון פריינד. מיט אזעלכע זאַכן איז לייכט צו פארלירן פריינד.

די קונסט פון האָבן פריינד איז זיי נישט צו פאַרלירן. טאָמער פאַר־לירט מען חלילה די פריינד איז שוין גאָרנישט דאָ וואָס מקנא צו זיין. זיינען טאַקע פאראן קלוגע מענטשן און ווייסן ווי מען האַנדלט מיט „גוטע" פריינד. זיי ווייסן שוין ווי אזוי מען פאַרלירט זיי נישט. אזעלכע קלוגע יידן זאָגן: איך וועל אייך קיין קרעדיט נישט געבן ווייל איך וויל נישט פאַרלירן קיין פריינד... און אז עס קומט צו שידוכים זאָגן זיי: בעסער משדך זיין זיך מיט פרעמדע ווייל איך וויל נישט פאַרלירן קיין פריינד... און ווען זיי נעמען פון אַ פריינד גרויסע פראָצענטער זאָגן זיי: האַנדלשאַפט איז קיין פריינדשאַפט נישט...

מען קאָן אמאָל פארלירן א פריינד פארן זאָגן דעם אמת וועגן אים... מען פארלירט אַמאָל אויך א פריינד, ווען מען באָרגט יענעם געלט און יענער „פאַרגעסט" וועגן דעם, און נאָר פארן דערמאָנען איז זייער לייכט מען זאָל פאַרלירן א פריינד... און אז עס קומט אריין אין א הויז א פריינד, נאָך א בחור, און מען שלאָגט פאָר אים די טאָכטער איז דאָס דער לייכטסטער וועג צו פארלירן אים... אָבער קלוגע מענטשן ווייסן ווי אין אזא פאַל צו האנדלען און זיי זאָגן צו אזא בחור: אזוי ווי איר זייט אונדזערס א פריינד ווילן מיר מיט אייך נישט האָבן צו טאָן, לאָזט צורו אונדזער טאָכטער און זוכט אנדערע...

אויף צו פאַרלירן פריינד זיינען אפילו גורם אומשולדיקע זאַכן — און ביכער: אז מען באָרגט איינעם א בוך האָט מען פארלוירן דאָס בוך — און אַ פריינד... און אז א יידישער שרייבער גיט ארויס אַ בוך און שיקט דאָס פונאַנדער צו זיינע פריינד און וואַרט זיי זאָלן זיך אָפּרופן, האָט ער שוין פאַר־לוירן אי די פריינד און אי די ביכער.

---

# אויף צעפּיקעניש...

ס'איז צו צווייפלען אויב נאָך ערגעץ גייט אָן אזא יאָגעניש, איבערשטיי־געניש, ווי דאָס איז צו מערקן אין מדינת אפריקע. ס'איז ווי אין פסוק שטייט: אַ ווילדע און פוסטע געיעגעריי, רק מען יאָגט זיך, אויף צעפּיקעניש אַנדערע. מען יאָגט זיך נאָך רייכטום, לוקסוס, שיינע הייזער, פיינע מעבל־שטיק, לוקסוס־דיקע אויטאָס — און מען יאָגט זיך אפילו נאָך שיינע ווייבלעך... די ווייבער יאָגן זיך אויך. זיי יאָגן זיך נאָך צירונג, דימאַנטן, ברילויאַנטן, פּוטערוואַרג אויף אויסצושטעכן די אויגן פון זייערע באקענטע, ווייל אויך יענע טוען אזוי...

ווען איינער האָט אַ שיינע הויז, א פיינע איינגעשטעלטע היים מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן — טויג עס נישט, ווייל דער שכן אָדער לאנדסמאַן האָט אַ שענערע און באקוועמערע היים מיט מער לוקסוס פאַר אים. נו, פייניקט יע־נעם אזוי לאַנג ביז ער האַנדלט זיך איין, אויף צעפּיקעניש אַנדערע, אַ נייע הויז מיט וועלכער ער קאָן זיך גרויסן — און איז פון דעם באַזאָרגט מיט קאָפּ־דרייעניש... ווען אַ יידענע דערזעט ביי אירע באקענטע שענערע צירונג פון אירע, א גרעסערן ברילויאנטענעם רינג, שענערע פּערל אָדער א טייערערן פו־טערנעם מאַנטל, נעמט זי פייניקן איר מאַן. זי פייניקט און מאַטערט אים אזוי לאַנג, ביז, בלית ברירה, יענער קויפט איר א גרעסערן ברילויאַנטענעם רינג, שענערע צירונג — און זאָלן אירע פריינד קרענקען...

דאָס זעלבע איז אויך נוגע ווען מען פאָרט אויף האָלידייס — און מען פאָרט טאָקע גאָר אָפט, נישט אזוי צוליב זיך און דעם געזונט פאָרט מען, ווי צוליב... שכנים און פריינד. זאָלן זיי זען און צעפּיקט ווערן... פאַראַן אזעלכע וואָס זיי שטייט נישט אָן פאָרן פאַר אַ האָלידיי אין לאַנד, פאָרט מען אין אויס־לאַנד. אז מען פאָרט פאַר אַ האָלידיי אין אויסלאַנד האָט עס גאָר אַן אנדער באַדייטונג, אַ קלייניקייט — אַ האָלידיי אין אויסלאַנד! מען גרויסט זיך, מען בלאָזט זיך. אַ האָלידיי אין אויסלאַנד העלפט אמאָל אויך צום קרעדיט אין ביזנעס... פאַראַן אין אפריקע יידן וואָס באַגנוגענען זיך נישט מיט פאָרן איינ־

מאָל א יאָר אין אויסלאַנד, פאָרן אזעלכע יעדע עטלעכע חדשים, זיינען גרייט אלע מאָל מיט צידה לדרך. מען פאָרט אין איראָפּע, אמעריקע, ישראל. מען פאָרט און מען פליט, מען טוט נאָך אנדערע, און די אנדערע טוען ווידער נאָך. דער רעזולטאַט פון אזעלכע רייזעס איז אז פיל ווערן אָפּט אָפּגעפאָרן...

איצט דאָס פּראַווען שמחות אין אפריקע — מיט וואָס פאר אַ פּאַרנעם און פּאָמפּע זיי ווערן דורכגעפירט. וואָס גרעסער די שמחה אלץ גרעסער בלאָזט מען זיך. ס'איז דאָ אַן אָנגענומענער כלל, אז מענטשן וואָס פּראַווענען גרויסע שמחות זיינען רייך, און זיי באקומען אַ נאָמען — עס קלינגט און טומלט זיך מיט זיי. דעריבער איז אויך אויפן געביט פון פּראַווען שמחות אַ ווילד געיעג. מען טוט דאָס אין פיל פאַלן אויף צעפּיקעניש אנדערע...

אויף צומאָרגנס — און אָפט מאָל אין מיטן דער נאַכט, נאָך די געפּראַוועטע שמחות, נעמען מחותנים זיך ציילן די מתנות וואָס מען האָט באַקומען. מען ציילט די טשעקס, מען חשבונט, מען פארצייכנט ווער ס'האָט געגעבן מער און ווער ווינציקער, מען פירט אַ גאַנצע בוכהאַלטעריע. זייער אָפט טרעפט אז מען פאַרצייכנט מיט צאָרן וועגן אזעלכע וואָס האָבן נישט גענוג שיין געשטעלט זיך. מען קריצט דאָס איין אין זכרון כדי ביי יענע אויף שמחות אָפּצודינען...

עס זיינען פאראַן יידן וואָס האָבן ליב שטעלן זיך שיין, שיקן זיי אריין פיינע טשעקס מיט גרויסע געלט־סומעס געצייכנט — נאָר אָן אונטערשריפטן... פאַראַן אַנדערע וואָס שיקן נישט קיין טשעקס און אויך נישט קיין געלט. זיי האַלטן פון געבן מתנות. אזעלכע יידן גיבן פאר מתנות זאַכן וואָס ליגן ביי זיי פון לאַנגע יאָרן — און שימלען...

אָבער נישט יעדער גיט מתנות מיט טשעקס — אפילו אָן אונטערשריפטן. פאראַן אזעלכע וואָס אויף שמחות האָבן ליב שטעלן זיך שיין, ס'זאָלן אנדערע אויף צעפּיקעניש וויסן, אז זיי זיינען נישט קיין קאַרגע. זיי זאָגן יענע אָן בקול רם אז זיי האָבן באַשטעלט פיינע מעבל־שטיק אָדער אנדערע ווערטפולע חפצים, וואָס וועלן בקרוב דירעקט געשיקט ווערן אהיים, אָבער קומען קיינמאָל נישט...

דאָס זעלבע איז אויך ווען יידן ביישטייערן זיך פאַר געוויסע געזעלשאַפטן. אזוי למשל, ווען איינער זאָגט אז ער גיט אַ פונט, קומט אַ צווייטער און רופט אויס: ער באַשטייערט זיך מיט 25 פונט. כאַפּט באלד אונטער א דריטער, אויף צעפּיקעניש די אַנדערע און זאָגט אָן, אז ער גיט גאַנצע פופציק פונט! אָט אזוי שטעלן זיך יידן שיין. פאראַן אפילו אזעלכע וואָס הייסן אריינשרייבן זיך מיט הונדערט פונט און מער אויך. אָבער ווען עס קומט צום ציילן, פּאַסירט אז נישט אלעמאָל כאַפּן זיך יענע וואָס שטעלן זיך שיין אויפן פּאַפּיר צום צאָלן...

דערווייל אָבער שטעלן זיך יידן שיין, מען יאָגט זיך, מען שטייגט זיך איינער דעם אַנדערן איבער. אזוי געשעט אין די יידישע היימען, אין די גע־

זעלשאַפטן,ביים קאָרטן־שפּיל, אויף שמחות — אומעטום. ס'איז רחמנא ליצלן אַ ווילד געיעג און שטייגעניש. דערצו גרויסט מען זיך און מען בלאָזט זיך מיט ווילדער הנאה — אנדערע אויף צעפּיקעניש...

---

# מ'האָט מיר „קאָרעגירט" אַ הומאָרעסקע

כ'האָב אַמאָל אָנגעשריבן אַ הומאָרעסקע מיט אַן אינהאַלט צום לאַכן, מיט הומאָר און געפּעפּערטן וויץ. אָבער נישט פון אַלע הומאָרעסקעס לאַכט מען. מען לאַכט גיכער פון שרייבער ווי פון זיינע וויצן... אָבער גראָד איז מיר מיין הומאָרעסקע געלונגען. מען האָט שוין נישט געלאַכט פון שרייבער, נאָר פון זיין שרייבן...

יאָ, ס'איז מיר געלונגען אז די הומאָרעסקע זאָל ארויס א לאַכנדיקע, אַ פריילעכע. עס איז געווען דערפאַר וואָס גראָד דעמאָלט ווען איך האָב עס גע־שריבן, בין איך געווען אין א שלעכטער שטימונג, עס איז מיר שטאַרק אומעטיק און טרויעריק געווען.

אין יענעם טאָג האָט דאָס ווייב מיינע געריסן פון מיר שטיקער: זי וויל האָבן געלט. אויך בעלי־חובות האָבן זיך אַ לאָז געטאָן און געפאָדערט די חובות. עס איז געווען אַ רעגנדיקער טאָג. איך האָב זיך געפילט אין אַ געדריקטער שטימונג. דערצו האָט נאָך מיר אַן אויער שטאַרק וויי־געטאָן און געפּייפט...

גראָד דעמאָלט איז מיין הומאָרעסקע ארויס געלונגען. זי האָט געהאַט אינהאלט, טעם, סטיל — און טאַקע ניט געווען שלעכט. הלוואי וואָלטן אלע מיינע הומאָרעסקעס ניט ערגער ארויסגעקומען...

דער אינהאַלט איז געווען אומגעפער אזא:

אַ פריילעכער בחור אין די מיטעלע יאָרן האָט זיך פארליבט אין א יונ־גער מיידל. די ליבע איז געווען א שטאַרקע, אָבער שטאַרק־געהיים, אזוי גע־היים, אז דאָס פאַרליבטע פאָרל אליין האָט אויך פון איר ניט געוווּסט...

אָבער דאָס האָט נישט געשטערט די יונגע הערצער פונעם פארליבטן פאָרל צו חלומען וועגן אַ נעענטערן צוזאַמענבונד, וועגן אַ חתונה. דאָס לעצטע האָט אפילו זיי געשראָקן, מחמת מיטן חתונה האָבן וועלן זיי פאַרלירן זייער ליבע... האָבן זיי באַשלאָסן אָנהאַלטן זייער ליבע ווייטער. זיי זיינען צוזאַמען אָפּט ארויסגעגאַנגען און פאַרבראַכט... פלוצלינג האָט דער מיידלס מוטער, די

צוקונפטיקע שוויגער, זיך דערוווסט פון דער געהיימער ליבע פון איר טאָכטער און עס זיינען געקומען שטערונגען. פאַרשטייט זיך אז ער און זי האָבן דערפון געליטן. זיי האָבן געמוזט מיט זייער ליבע און באַגעגענישן זיין פאַרזיכטיק... אָבער עס האָט פּאַסירט אז די צוקונפטיקע שוויגער, דער מיידלס מוטער, האָט צוגעמאַכט די אויגן, געטאָן אַ שטאַרב אַוועק — און ברוך דיין אמת. דאַן האָבן באשלאָסן מיינע העלדן חתונה האָבן, און אין א גליקלעכער שעה האָבן זיי מיט מזל חתונה געהאַט. אָט אזוי אומגעפּער האָט זיך פאַרענדיקט מיין הו־מאָרעסקע.

כ'האָב די הומאָרעסקע אָפּגעשיקט אין רעדאקציע און וויזט אויס, אז דער רעדאַקטאָר האָט אויך עפּעס געוואָלט צושטייער געבן זיין דרשה־געשאַנק צו דער שמחה, האָט ער דאָ און דאָרט געטאָן אַ קראַץ און אַ צופּ מיט זיין פעדער, און דער בחור־הזעצער איז דאָך אוודאי קיינמאָל נישט קאַרג צו מוסיף זיין פון זיינס, צו פאַרדרייען און פאַרפּלאָנטערן, פאַרטווישן און פאַרדרייען...

און אז גאָט העלפט נאָך איז נאָך דאָ אויך א קאָרעקטאָר, בלייבט יענער אויך חלילה גאָרנישט שולדיק. ער איז ניט ערגער פון רעדאַקטאָר און בחור־הזעצער. נו, דערלויבט ער זיך אויך איבערצושטעלן, איבערצודרייען אויף דעם קאָרעקטאָרישן שטייגער.

און ווען מיין הומאָרעסקע איז אדורכגעגאַנגען פון אלעמענס הענט האָב איך מיין הומאָרעסקע דערזען טאַקע שטאַרק פאַרדרייט און פאַרפּלאָנטערט. דער אינהאַלט איז געווען אזא:

„א יונגע טעמפּעראַמענטפולע שוויגער, פלאַם־פייער, האָט זיך פאַרליבט אין איר טאָכטערס בחור, וואָס האָט געזאָלט זיין איר צוקונפטיקער איידעם. די ליבע צווישן זיי האָט זיך שטאַרק צעפלאַקערט, אָבער איז געווען שטאַרק געהיים, אז די טאָכטער זאָל זיך דערפון ניט דערוויסן, און איר מיט איר יונגן געליבטן נישט שטערן. איר האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט אַלס רעזולטאַט פון דער ליבע און אויך מחמת שרעק, די טאָכטער זאָל נישט מערקן די ליבע. דעם בחור האָט אויך געקלאַפּט דאָס האַרץ, מחמת ער האָט געהאַט א שוואַך האַרץ... די יונגע צוקונפטיקע שוויגער האָט געטראַכט פאַרשיידענע פּלענער ווי נאָך צו פראַווען אַ חתונה מיט איר באַשערטן. צום אומגליק איז זיי אין וועג געשטאַנען די טאָכטער. פּלוצלינג האָט דער בחור געמאַכט א שטאַרב און די מוטער האָט אין אַ מזלדיקער שעה חתונה געהאַט מיט איר טאָכטער — ברוך דיין אמת..."

אָט אזוי מער אָדער ווייניקער איז מיין הומאָרעסקע אָפּגעדרוקט געוואָרן...

# אַ פיינער עקזעמפּלאַר

איך קען א ייד, איז ער, — וואָס איז ער נישט ? לויט זיינע ווערטער איז ער אלץ ! ער זאָגט ער איז א גוטער, אַן איידעלער, אַ האַרציקער, א בעל טובה, אַ בעל צדקה — קורץ, א מלאך איז ער. מענטשן אָבער זאָגן אויף אים א ביסל אנדערש, דעם היפוך. מילא, וואָס מענטשן זאָגן. מען ווייסט אז דער דערמאָנטער באקענטער ייד איז א רייכער, איז אַ נגיד, אן עושר, א גביר־אדיר. מען שמועסט יאקבי, אז ער איז א שטיקל מיליאָנער, א ראָטשילד. ער איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט, מיט אוצרות ווי אַן אָרעמאן מיט צרות און קדחת. און היות ער האָט א גוט און ווייך הארץ קאָן ער נעבעך נישט הערן פון דחקות — און הערט טאַקע נישט !...

דער באקענטער ייד האַלט זייער א סך פון זיך. ער זאָגט, ער איז אַ קענער, אַ ידען, אַ פאַרשטענדלעכער, אַ קלוגער, אַ געלערנטער, אַ שיינער, אַ געזונטער. וועגן אלע פריערדיקע מעלות זיינע קאָן מען מיט זיכערקייט נישט זאָגן, אָבער דערפאַר וועגן זיין לעצטער מעלה אז ער איז געזונט, דאָס יאָ. ער איז טאַקע געזונט ווי אַן אָקס, אַ פערד. נישט געקוקט דערויף האַלט ער זיך פאַר אַ חכם־עתיק. ער איז אויך אַ בקי אין חכמת־היד און חכמת־הפּרצוף. צו אלע זיינע מעלות קאָן ער דערלאַנגען מיט זיינע ידים — אין פּרצוף אריין . . .

ער טענהט, אז עס זיינען נישטאָ אויף דער וועלט קיין מענטשן. אלע, וואָס דרייען זיך ארום אויף דער וועלט, זיינען בהמות, פערד, חמורים, אָקסן. נאָר ער איינער איז אַ מענטש וואָס איז פיין און איידל. אזוי זאָגט ער. און אָפּגעהיט זאָלט איר זיין זאָגן אַנדערש . . .

ער האַלט זיך פאר א כלל טוער, א געזעלשאפטלעכן טומלער, א ספּאָדיק־דרייער, א פּארטיי־מאַן, א פּאָליטיקער. ער האָט אויך די מעלה זיין א גוטער קאָרטן־שפּילער, א רייסעס־מאַן. און היות ער איז א פּעאיקער מענטש, איז ער געוואָרן א פירער — ער פירט ליבעס און פארפירט יונגע ווייבלעך, און אויב עס געלינגט אים, פארפירט ער אויך מיידלעך... צו דעם אלעם איז יענער באקענטער ייד אויך ערגעץ אַ טשערמאַן, אַ יושב־ראש, אַ גבאי, אַ קאָמיטי־מעמבער, אַ טרעזשורער. ער קלייבט אויך טשאַריטי, אָבער מען קלייבט נישט פון אים קיין נחת. ער זאָגט דעות, קריטיקירט, בייזערט זיך און איז אַ גרויסער כעסן. דערצו איז ער אַ נערוועאישער און קרענקלעכער. די קראַנקהייט זיינע

איז וואָס ער מאַכט אנדערע קראַנק... ער איז א צוזאָגער, זאָגט צו דאָס טע־לערל פון הימל, מען זאָל זיך נאָר מטריח זיין און עס גיין נעמען. א וואָרט־האַלטער איז ער אַלעמאָל, ער האלט עס אייביק מיט זיך. ער איז אַ ליבהאָבער: האָט ליב דאָס וואָס אנדערע האַסן. ער איז אויך אַן עקשן, זאָגט אלעמאָל פאר־קערט, און זאָלן מענטשן קראַפּירן...

ער לייענט ביכער — זיינע אייגענע בענק־ביכער. פון אנדערע ביכער האַלט ער נישט. ער איז א בעל הבית פון הייזער. ביי אים מוז מען צאָלן פּינקטלעך דירה־געלט, אויב נישט שיקט ער זיינע שכנים אין די הייזער... ער האָט אַ פאַבריק. זיינע ארבעטער ארבעטן שווער. זיי זיינען דאָך נישט קיין בעלי־הבתים, נאָר מענטשן, מוזן זיי ארבעטן. עס איז געזונט צו ארבעטן, טענהט ער. אז מען קומט צו אים פאר צדקה זאָגט ער, עס פּאַסט נישט צו זיין קיין שנאָרער, ס'איז נישט שיין צו קלייבן און ער שיקט אוועק די קלייבער מיט גאָרנישט. ער זאָגט אז ער וועט אויסרייניקן די וועלט פון שנאָרערס. ער האָט דערפאַרונג אין דעם, ווייל ווי לאַנג איז דען אז ער אליין איז געוועזן אַ שנאָרער...

דער באקענטער ייד שטופּט זיך אומעטום. ער האָט געזונטע עלנבויגנס, מאַכט ער זיך מיט זיי א וועג. זיין צינגל איז שאַרף ווי אַ שערערס גאָל־מעסער, זיין דיבור איז ווי פון אַן אָקס. ער שלאָגט זיך אומעטום דורך אַ וועג. ער איז פעאיק דורכשלאָגן זיך... מען טרעט אים יעדער אָפּ, און אז מען טרעט אים נישט אָפּ, טרעט ער יענעם אָפּ אזוי אז דאָס טוט שטאַרק ווי...

אָט דאָס איז ער דער באקענטער ייד, וועמען איך קען. עס איז א פיינער עקזעמפּלאַר, אַ מאָדנער טיפּ ייד. איר מוזט אים אויך קענען, אויב נישט באקענט זיך מיט אים. וואָס, ס'מוז דען זיין פונקט ער, עס פעלן נישט ברוך השם ענלעכע צו אים, פאַראַן געווג אזעלכע טיפּן. זיי זיינען דאָ לרוב. איי, זיינען זיי דאָ, אָט די פּאסקודניקעס!...

# נגידישע גרויסקייט...

איי וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן איז שמועסן מיט אַ גביר. אז מען כאַפּט אַ שמועס מיט אַ נגיד פילט מען זיך גאָר אנדערש. מען דערפילט זיך דער־הויבן, שטימונגפול, אָנגענעם. עפּעס גאָר אן אנדער מענטש! ווען מען רעדט מיט אַ נגיד און יענער נעמט פאַר אייך פאַרשטעלן זיינע גליקן, זיינע גרויסע געשעפטן, זיינע אונטערנעמונגען, זיין רייכטום, דאַכט זיך אייך אז איר זייט אויך געוואָרן אַ גביר...

יאָ, ס׳איז געשמאַק צו ריידן מיט אַ נגיד, עפּעס אַ קליינִיקייט ריידן מיט אַ נגיד. ס׳איז דאָך אַ מחיה הערן ווי יענער רעדט, רעדט גרויס־פאַרנעמעריש, רעדט יעדעס וואָרט אויס געלאַסן פּונקט ווי ער וואָלט געציילט געלט.

אַ גביר איז דאָך נישט סתם אן איינפאַכער בשר ודם, דאָס איז אַ מענטש מיט אַ קלוגן שכל און מיט אַ שאַרפן קאָפּ. אז ער פאַררעדט זיך, דערציילט ער אז ער איז אמאָל געווען אַ גרויסער קבצן, אַן אביון אין זיבן פּאָלעס. נאָר מחמת זיין קלוגן קאָפּ האָט ער זיך ארויפגעארבעט און געוואָרן אַ גביר. נו, איז דען נישט קיין פאַרגעניגן ריידן מיט אזא מין גביר. דאָס איז דאָך אַ מענטש וואָס איז אמאָל געווען אַ שנאָרער און איז היינט רייך. דאָס מויל פון אַ נגיד רוט דאָך נישט, עס רעדט אלע נאַרישקייטן און מען מוז אויסהערן ווייל יענער איז דאָך אַ גביר. אַ גביר האַלט דאָך אז ער איז אַ קלוגער מענטש, אז ער ווייסט אלץ — און דער עיקר רייסט ער זיך צו געבן דיר עצות. דערפאַר טאַקע זעט מען ווי מען לויפט זיך האַלטן עצות מיט גבירים, כאָטש עס העלפט ווי אַ טויטן קוגל עסן...

ווען מען קומט צו אַ גביר שואל עצה זיין, קומט צו דעם נגיד אַ שטיק געזונט. ער זיצט זיך ברייטלעך, מאַכט אַ פילאָסאָפישע גרימאַסע און עצות גיט ער ווי ער וואָלט געווען דער גרויסער בר־דעת. צו קיין אָרעמע לייט קומט מען נישט פרעגן עצות, מעג ער אפילו זיין אַ תלמיד חכם, ווייל וואָס מ׳שטיינס געזאָגט קאָן אַן אָרעמאַן געבן עצות, אז ער קאָן זיך קיין עצה נישט געבן...

חוץ דעם איז נישט איבעריק אָנגענעם שמועסן מיט אַן אָרעמאַן, קיין גליקן האָט ער נישט צו דערציילן. דערפאַר טאַקע זיינען אָרעמעלייט שווייגנ־דיקע. ס׳איז ווי מען זאָגט אז דער דלות איז שטום. אָבער ווען מען רעדט

מיט אַ נגיד נעמט ער אויסרעכענען זיין פּאַרמעגן, זיינע גליקן. אַ נגיד רעדט דאָך געלאַסן, רעדט רואיק. ער באַרימט זיך אז ער גיט כלומרשט צדקה, העלפט אָרעמע נויטבאַדערפטיקע, גיט גמילות חסדים.

לכן אויב מען וויל אז דאָס גבירישע נחת־רוח זאָל אָנהאלטן טאָ בעט נישט קיין טובות מיט קיין גמילות חסדים, ווייל ער וועט אייך סיי ווי סיי ניט געבן.

אויב איר ווילט האָבן פאַרגעניגן פון די שמועסן מיט אַ גביר אָדער אַ נגיד, טאָ הערט אויס און שווייגט...

---

# פּוסטע באַרימעריי

אומעטום טרעפט מען זיי און אומעטום שטופּן זיי זיך. דערצו האָבן זיי אלעמאָל די שטענדיקע טבע פון באַרימען זיך און מאַכן זיך גרויס. ביי יעדער געלעגנהייט פארגעסן זיי נישט אין זייער מידה פון גרויסהאלטונג, זיי ריידן רק וועגן דעם וואָס פאַר אַ פעאיקע און מזלדיקע, קלוגע און וויכטיקע מענטשן זיי זיינען. אז מען רעדט וועגן קונסט זיינען זיי די גרעסטע קינסטלער. רעדט מען וועגן מוזיקער שטעלן זיי זיך ארויס צו זיין די גרעסטע מוזיקער. רעדט מען וועגן גבורהשאַפטן דערציילן זיי פון זייערע גרויסע פּאַסירונגען, מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט, געשיכטעס נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

איך האָב אַ לאַנדסמאַן האָט ער נישט אויפגעהערט צו באַרימען זיך. ביי יעדער געלעגנהייט וועט ער דערציילן זיין יחוס, וואָס ער איז געווען אין דער אלטער היים. ער רעדט וועגן זיין געוועזענער פּאָליטישער טעטיקייט, אז ער איז געווען דער גרעסטער פּאָליטישער טוער אין שטאָט, האָט געהאלטן רע־פעראַטן, אנטייל גענומען אין קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן, איז געווען דאָס אויי־בערשטע פון שטויסל. יאָ, ער איז געווען טאַקע א רעדל־פירער, דאָס איז אפשר אמת: ער האָט אָנגעטריבן פערד און וואָגן; און אז ער האָט אָנטייל גענומען אין צוזאַמענפאָרן איז אויך קיין ליגן נישט: ער איז אָפט געפאָרן אָדער געפירט יידן צו ירידים און מערק. דער זעלבער לאנדסמאן באַרימט זיך אז אין דער אלטער היים האָט ער געהאַט א הויז, שוין איין מאָל א הויז. אזא דירה ווי זיינע האָט קיינער נישט געהאַט. איז דאָס אויך נישט קיין ליגן. אזא וווינונג האָט זעלטן ווער טאַקע געהאַט. עס האָט אריינגערעגנט, אריינגעבלאָזן, די ווענט האָבן זיך קוים מיט נסים געהאַלטן. אָבער יענער האָט רק די חוצפה געהאַט באַ־רימען זיך און זיך גרויס האַלטן. ער באַרימט זיך אַמאָל פאַר פרעמדע מענטשן

אז ער איז אין דער אַלטער היים געווען זייער רייך, האָט געפירט גרויסע מסח־רים, געהאַט אַ פאַבריק און די מאַמע זיינע האָט געהאַט אַ לאַונדרי (כעמישע וועשעריי) און ער האָט געלעבט אין גרויס ווילטאָג...

וועגן די גרויסע מסחרים פון יענעם ווייס איך נישט, דאָס זעלבע וועגן זיין פאבריק, אָבער אז זיין מוטער האָט געהאַט א וועשעריי דאָס ווייס איך. יענע איז נעבעך געווען אַ יידענע אַן אלמנה און האָט נעבעך געוואַשן פרעמדע וועש...

איינמאָל הער איך ווי מיינער אַ באַקענטער באַרימט זיך, אז ער האָט געהאַט אַ חלק אין אַ שענק און דערציילט וויפיל געלט ער האָט געמאַכט פון פארקויפן בראַנפן און ווי רייך ער איז געווען. וועגן זיין עשירות און וויפיל געלט ער האָט געמאַכט ווייס איך נישט, אָבער אז יענער איז געווען אַ מחותן מיטן ביטערן טראָפן דאָס ווייס איך, מחמת ווו אַ גראָשן האָט ער דאָרטן פאַרטרונקען. ער איז געווען אַ שיכור און דאַכט זיך אז ער האַלט נאָך אָן די מידה אויך דאָ וויטער...

איינמאָל האָט זיך פאַר מיר איינער באַרימט אז ער איז אין דער אַלטער היים געווען אַ רעדנער און איז אָפט ארויסגעטראָטן מיט רעפעראַטן און לעק־ציעס און אז איינמאָל האָט ער פאַר אַ גרויסן המון אין צענטער שטאָט געהאַלטן אַ רעדע, האָט אים דער סטאַראָסטע געקלאַפּט איבערן פּלייצע, לויבנדיק זיין שיינעם פוילישׁ ריידן... ווייס איך נישט ווי ווייט עס איז אמת אָדער ליגן. איך ווייס אָבער אז יענער קאָן קוים אויסריידן לאָגיש אַ געדאַנק. פּויליש קאָן ער ריכטיק אַ וואָרט נישט.

איך קען אויך איינעם וואָס אומעטום באַרימט ער זיך אז ער איז געווען אַן אָנזעעוודיקער ייד אין שטאָט, און זיין טאַטע איז געווען דער גאַנצער פירער ביי קהל. ער איז געווען אומעטום פאַרטראָטן, אין אלע אינסטיטוציעס. אָן אים האָט גאָר די שטאָט נישט געקאָנט אויסקומען. אָבער דער אמת איז אז ער אָן קהל האָט נישט געקאָנט אויסקומען...

און ווען אזא מין באַרימער איז נאָך געוואָרן דאָ אַ שטיקל גביר, דאַן צעשפּילט זיך נאָך גרעסער זיין חשק און פאַנטאַזיע צו באַרימען זיך. קיין געלט קאָסט דאָס אים נישט און עס פאַרשאַפט אים בלויז גרויס פאַרגעניגן.

ווייל און גוט איז די מענטשן וואָס קאָנען און האָבן ליב וועגן זיך ריידן און באַרימען זיך!...

# די שוהל־„פּרעזידענטן“

מר. גימפּל האַלט זיך אין איין באַרימען, אז מען האָט זיך צו אים צוגעזעצט ער זאָל אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור אויף פּרעזידענט אין דער שוהל „עוזר דלים“, ווו ער געהערט, אָבער ער האָט אָפּגעזאָגט. ער האַלט נישט דערפון.

בטבע האָסט שטאַרק מר. גימפּל די פּרעזידענטן פון די שוהלן. ער פאַרשטייט נישט צוליב וואָס מען דאַרף בכלל אַ פּרעזידענט אין אַ שוהל. ער פאַרשטייט אז א שוהל דאַרף האָבן מעמבערס, דאַרף האָבן מתפּללים, אַ שמש, אַ בעל קורא, אָבער צוליב וואָס דאַרף מען א פּרעזידענט — מען קאָן אויסקומען אָן אים.

לאַכט דעריבער אָפּ מר. גימפּל פון די פּרעזידענטן און זאָגט, אז זיי זיינען לײדיקגייערס, מענטשן מיט שווערע טייסטערס און לייכטע קעפּ, מענטשן וואָס האָבן אַ סך צייט — אויף פּטרן צייט. לויט מר. גימפּלס מיינונג דאַרף אַ פּרעזידענט זיין א שטיקל מומחה, א חוץ אין קאָרטן, אויך אין הלכות יידישקייט. ער דאַרף קאָנען לערנען, אַנדערש טאָר מען נישט זיין קיין פּרעזידענט.

אָבער מענטשן לאַכן פון מר. גימפּלען, אז ער איז „אָלד־פעשאָן“ און לויט אים וואָלט מען חלילה בלייבן אָן פּרעזידענטן אין די שוהלן...

און פאַראַן אזעלכע וואָס קוקן קרום אויף מר. גימפּלען, האַלטן אים פאַר חסר־דעה, פאַר נישט קלאָר, עס פעלט אים אוודאי א שרייפל. אָבער מר. גימפּל טראַכט נישט וואָס מענטשן ריידן וועגן אים. ער זאָגט, ער האלט נישט פון כבוד, פון עולם הזה, פון פּוסטן יחוס — און פון צו זיין אַ פּרעזידענט.

האָט מען אמאָל געפּרווט איינריידן מר. גימפּלען ער זאָל אַרויסשטעלן זיין נאָמען. עס מיינט נאָך נישט, אז מען שטעלט אַרויס דעם נאָמען ווערט מען שוין אזוי גיך פּרעזידענט. האָט ער אָפּגעזאָגט, ער וויל דאָס נישט. מר. גימפּל איז קעגן אזא דזשאָב. ניט זיין טאַטע, זיין זיידע און עלטער־זיידע זיינען געווען פּרעזידענטן. זיי זיינען געווען פּשוטע און ערלעכע יידן און אַלס אזא וועט ער אויך אויסלעבן זיינע יאָרן.

עס האָט אמאָל געטראָפן ווען מר. גימפּל האָט זיך געשראָקן מען זאָל אים נישט איבערגוואַלד אַרויסשטעלן אויפן צעטל פאַר א פּרעזידענט. עס קאָן

דאָך טרעפן ווען מען וויל נישט, זאָל מען גראָדע ווערן אויסגעקליבן פאַר אַ פּרעזידענט. און דאָס ערגסטע איז, האָט ער געטענהט, וואָס ביי יידן אז מען ווערט איינמאָל אַ פּרעזידענט איז מען דאָס שוין לעולם ועד...

מר. גימפּל איז נישט קיין נעכטיקער. ער ווייסט פון יידן וואָס זיינען נאָר איינמאָל אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענטן אין סאָסייטיס אָדער שוהלן און זיינען שוין פאַרבליבן אויף אייביק. ס'איז זיי שווער אָפּצורייסן פון די פּרע־זידענטישע בענקלעך, ווי צוגעשמידטע זיינען זיי...

ווי מען ווייסט איז מר. גימפּל אַ מענטש וואָס האָט ליב צו טאָן פאַרן כלל, צו זיין אַ שטיקל קהלשער מענטש — און אָפט לאָזט ער הערן דאָרטן זיין שטימע. אָבער ער האָלט נישט פון ארויסשטעלן חלילה זיין נאָמען פאַר אַ פּרע־זידענט. דאָס איז נישט פאַר אים, ער פאַרגינט דאָס אַנדערע.

איז דאָך נישט קיין חידוש וואָס מר. גימפּל קוקט מיט ביטול אויף די פּרעזידענטן, וואָס זיצן אין די באָקסעס אין זייערע שטייפע בגדים, ווי די יאָלדן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי מען וואָלט זיי אויסשטעלן אויף אַן עקסהיבישאָן.

נאָך אַ גליק וואָס נישט אָפט זיצן יענע אין די באָקסעס. זיי זיצן נאָר אין די פּאָרכטיקע טעג, מיט פאַרריסענע קעפּ אין שטייפע צילינדער־היט און בעת מעשה, אין געדאַנק, מאַכן זיי זייערע חשבונות פון די געשעפטן — וויפל פּראָ־פיטן אָדער היזק זיי האָבן געהאַט פאַרן יאָר. ס'איז דאָך די צייט פון חשבונען, נו, רעכענען זיי זייערע אייגענע חשבונות.

קוקט דעריבער מר. גימפּל קרום אויף די פּרעזידענטן, וואָס קוקן אים אויס ווי פאַרשטעלטע פּורים־שפּילער. מיט גאווה־בליקן נעמען זיי יעדן דורך וואָס קומט אין שוהל. זיי נעמען יעדן דורך מיט זייערע בליקן זען אויב יענע זען זיי...

מר. גימפּל שמייכלט און לויבט דעם וואָס לעבט אייביק אין הימל, וואָס ס'איז נישטאָ אַ געזעץ צו צווינגען עמעצן צו זיין אַ פּרעזידענט... ווען חלילה אזא געזעץ זאָל עקסיסטירן וואָלט גאָרנישט גוט געווען: ס'וואָלטן די שוהלן געבליבן אָן מעמבערס, אָן יידן צום דאַווענען, אָן אַ מנין — נאָר פּרעזידענטן וואָלט מען געהאַט...

# די חדווה פון אַ גבאי

יאָרן לאַנג איז לייב ליפּקין געווען אַ יידישער שרייבער. ער האָט געשריבן דערציילונגען, לידער און אַרטיקלען. רייך איז לייב ליפּקין נישט געווען, פון שרייבן האָט ער אפילו קיין חיונה נישט געהאַט. דער איינציקער פאַרגעניגן זיינער איז געווען דער קליינער קרייז לייענער פאַר וועלכן ער האָט געשאַפן.

האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז לייב ליפּקין דער שרייבער איז באַגליקט געוואָרן, פּשוט רייך געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווסט ווי אַזוי. מען האָט פּלוצלינג דערזען אים פירן מסחרים. ער האָט גענומען לעבן באַקוועמער, שענער, ווי דער שטייגער פון גבירים, און לייב ליפּקין האָט געוואָרפן אַן אומחן אויפן שרייבן זיינעם.

פאַר אַ גביר ווי ער האָט אים שוין מער נישט געפּאַסט צו שרייבן. זיין אַ יידישער שרייבער האָט זיך נישט געפּאָרט מיט זיינע מסחרים און רייכקייט. לייב ליפּקינען האָט גענומען ציען צו אַן אַנדער סביבה, צו אַן אַנדער וועלט. ער האָט גענומען זיך דרייען אַרום קהל, אַרום פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און שוהלן. ער האָט איינגעזען אַז ער קאָן דאָרט דעראָבערן מער כבוד ווי פון שרייבעריי.

און טאַקע אין איינעם אַ טאָג איז באַוווסט געוואָרן אַז לייב ליפּקין, דער געוועזענער שרייבער, איז געוואָרן אַ גבאי אין שוהל. אַ דאַנק זיינע אַרויפגעאַרבעטע געשעפטן און זיין רייכטום איז אים געלונגען זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן גבאי־שטול. אין זיין נייער ראָל, אַלס גבאי, האָט לייב ליפּקין זיך דערפילט גאָר אַן אַנדער מענטש. מען האָט אויף אים גאָר אַנדערש גענומען קוקן, רעספּעקטירן אים, אָפּגעגעבן כבוד. צוזאַמען מיט אים איז אויך געוואַקסן זיין גוטער נאָמען אין שטאָט, גאָר נישט ווי אַמאָליקע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ יידישער שרייבער.

און אַז לייב ליפּקין טוט זיך דערמאָנען פון אַמאָליקע יאָרן, פאַרקלעמט אים ביים האַרצן. ווי נישטיק און קליין ער האָט דאָס אויסגעזען אין אַלעמענס אויגן, מען האָט אים איגנאָרירט, געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. היינט פילט זיך לייב ליפּקין גאָר אַן אַנדער מענטש, פילט זיך שטאָלץ. ער גייט איבער דער גאַס מיט אַ זיכערן גאַנג. ער איז ביי זיך גרויס און מיט גאווה האַלט ער פאַרריסן דעם קאָפּ אַלע זאָלן צו אים אַרויפקוקן.

אמאָליקע יאָרן האָט ער אַלעמען געמוזט שענקען אַ שמייכל, אַ גוט וואָרט. געפילט זיך דערנידעריקט ווען ער האָט געבעטן לייען אים אַ הלוואה׳לע, און טאַקע נישט ווינציק האָבן אים אָפּגעזאָגט. אנדערש איז עס היינט. לייב ליפּקין זוכט נישט קיין הלוואות. ער וואַרפט נישט קיינעם קיין גוטן פּנים צו, קיין שמייכל. היינט קומט מען שוין צו אים זיך בעטן, ער זאָל לייען געלט, טאָן אַ טובה. און ער האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער לשון: פרעגט זיך אויף גוטע משכנות און גאַראַנטיעס. אמאָל איז ער געווען עלנט, נישט געהאַט קיינעם, היינט אלס גביר האָט ער געקראָגן אַ סך פריינד. פון אַלע זייטן רופט מען אים גבאי, טשערמאַן, פּרעזידענט! לייב ליפּקין שמעלצט זיך פון גרויסן פאַרגעניגן ווען ער הערט דאָס. ער קוועלט אָן ווי ער איז גרויס אויסגעוואַקסן... אויף זיצונגען, פאַרזאַמלונגען איז ער געוואָרן אַ וויכטיקע אויטאָריטעט. אמאָל האָט ליפּקין נישט געקאָנט אויסריידן אַ וואָרט, פּשוט געווען אַ שטאַמלער, היינט איז ער געוואָרן אַ גאַנצער רעדנער, אַ דעה־זאָגער, קריטיקירט אַלעמען, פּאָדערט, מאַכט פאָרוורפן. אַלע הערן זיך צו אים צו און האָבן דרך־ארץ.

אַז לייב ליפּקין פאַרטראַכט זיך וועגן די יאָרן פון אַמאָל דערפילט ער ווי נאַריש איז דאָס געווען, ווי קליין און אומבאַדייטנדיק. אפילו די נאָענטסטע צו אים, זיין פרוי און קינדער האָבן אויף אים געקוקט קרום, ווען ער האָט זיך פאַרנומען מיט זיין שרייבן. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ טויגעניכטס, אַ נודניק, אַ גאָרנישט. איצט זיצט לייב ליפּקין אין אַ יום־טובדיקער שטימונג אויבן־אָן אין שוהל, ער איז אויסגעפּוצט אין שיינע בגדים, מיט אַ שטייפן צילינדער־הוט אויף זיין שפּיציקן קאָפּ. די שוהל איז שיין באַלויכטן, די שאָטנס פון די פאָרכטיקע טעג האָבן זיך צעלייגט איבער די געמאָלענע ווענט. יידן יום־טובדיקע קומען דאָ אָפּגעבן דין וחשבון פאַרן בורא עולם. לייב ליפּקין זיצט און קוקט זיך מיט גרויסער גאווה ארום אויף אַלע זייטן, קוקט צו אַלעמען מיט אַ גרויסער חדווה. ווען עמעצער באַמערקט אים נישט, שטרענגט ער אָן זיין בליק וואָס זאָל יענעם דורכנעמען. ער גוידערט זיך פון תענוג וואָס ער האָט זוכה געווען צו ווערן אַ גבאי...

# ערב די ימים נוראים

...אז עס דערנענטערן זיך די ימים־נוראים, נעמט מיינע מיך מונטערן און פרעגן: „זאָג מיר, יאָסל, ווו וועלן מיר היינטיקן יאָר דאַוונען, אין וועלכער שוהל?“ איר דארפט נישט מיינען, אז מיינע איז א פרומע, א צדיקת, אַ גרויסע דאַוונערין. נייך, זי איז דאָס נישט! סך־הכל קוקט זי קנאַפּ אריין אין א יידישן ספר אָדער מחזור. זעט איר פון תהילים האַלט זי גראָד יאָ. אַ גאַנצן יאָר לאָזט זי נישט ארויס דאָס תהילים׳ל, די קאָרטן, פון אירע הענט!

אָבער ווען עס דערנענטערן זיך די פּאָרכטיקע טעג ווערט מיינע אינ־גאַנצן אַן אַנדערע און שטעלט אָן אַ פרום פּנים ווי פון אַ רביצין. זי לאָזט מיך נישט רוען, פייניקט מיך און פרעגט: „זאָג מיר, יאָסל, ווו וועלן מיר היינטיקן יאָר דאַוונען, אין וועלכער שוהל?“ ווען איך זאָג איר אז מיר וועלן דאוונען אין דער זעלבער שוהל ווו מיר האָבן געדאוונט פאראיאָרן, פאר צוויי יאָרן, ווערט מיינע אש־להבה און נעמט מיך מוטשען:

זי גלייכט נישט, זאָגט זי, אלע יאָר קומען אין דער זעלבער שוהל, הערן דעם זעלבן הייזעריקן חזן! זאָג איך צו איר, אפשר וועט היינטיקן יאָר דער חזן נישט זיין הייזעריק, אָדער אפשר וועט זיין גאָר א נייער חזן! זאָגט מיינע: אז אפילו ס׳וועט זיין א נייער חזן, אן אנדערער, וועלן אָבער די מענטשן דאָך נישט זיין קיין אנדערע. ווידער וועלן קומען די זעלבע ווייבער, נאָר אנדערש גע־שלייערט! נייך, זי וויל נישט הערן פון דער זעלבער שוהל, זי וויל האָבן אַן אַנדער שוהל!

טענה איך צו מיינער, אז אין אונדזער געגנט ווו מיר וווינען איז קיין אנדער שוהל נישט פאראן. מיר בלייבן אין אזא געגנט, וואָס האָט זיך נישט ארויפגעאַרבעט אויף נאָך אַ שוהל, — און צו וואָס כ׳לעבן איז נויטיק נאָך אַ שוהל, ווען די איינציקע וואָס מיר פאַרמעגן פוסטעוועט אויך גענוג!...

מיינע אָבער וויל דערפון נישט וויסן. אַ יידענע בלייבט א יידענע. זי האָט נאָך טענות צו מיר הלמאי איך האָב נישט געזאָרגט וועגן נאָך אַ שוהל. שוין צייט, זאָגט זי, נאָך אזוי פיל יאָרן, איך זאָל זען צו בויען אַן אייגענע שוהל און זיין דער פּרעזידענט, דער גבאי דאָרט. וואָס עס פּאַסט מיר נישט? אויב עס פּאַסט מיר נישט, פּאַסט עס איר, מיין ווייב! אויב חיים גאלקע אָדער דער

שלימזל ציפּקלאָפּ, זאָגט זי, האָבן געקאָנט אויסבויען שוהלן און ווערן דאָרט די גאַנצע מאַכער, איז פאַרוואָס קאָן איך דאָס נישט באַווייזן ?

ווער ס׳קען נישט, — קרימט זיך מיינע, — דעם כלומרשטן גרויסן מאַן חיים גאלקע. דאָ רופט ער זיך מר. גאלקא — אנדערש פּאַסט אים נישט ! ווער קען נישט מר. ציפּקלאַפּ דעם שיינעם מענטשן ?! זיי זיינען געוואָרן טשערמאנס, פּרעזידענטן, טרעזשורערס, פונדיישן־לייגערס, מאַכערס ! מיר ווייסן דאָך וואָס זיי קאָסט די שוהל, אז נישט מער זאָלן דאָס אונדזערע שונאים פאַרמעגן ! האָבן געריסן פון טויטע און לעבעדיקע און אליין האָבן זיי קיין פּעני נישט געגעבן. אָבער כבוד, גאַנצע צעבערס כבוד האָבן זיי !

און די ווייבער זייערע, מרס. גאלקע און מרס. ציפּקלאפּ, גאַנצע ליידיס געוואָרן ! ווער עס קען זיי נישט פון דער היים : יענטע־טרייטל און שאָשע קאָרענאָסע ! דאָ רופט מען זיי מרס. גאלקא, מרס. ציפּקלאפּ, מרס. טשערמען, מרס. פּרעזידענט ! זיי ווערן דאָך צעשמאָלצן און ברייטער פון כבוד און פּלעזשור ! מיט יעדן טאָג ווערן זיי דאָך יינגער אפשר אויף א יאָר !

וואָס זשע ווילסטו ? — פרעג איך מיינע, — ווילסט אוודאי איך זאָל ווערן טשערמאַן, פּרעזידענט ? ווילסט אויך האָבן דעם טיטול פּרעזידענט ? — פרעג איך איר. ענטפערט מיר מיינע נישט פיל געטראַכט : פאַרוואָס נישט ? וואָס איז, עס פּאַסט מיר נישט ? אז שאָשע קאָרענאָסע אָדער יענטע־טרייטלען פּאַסט עס, פּאַסט מיר אויך, און צו דיינע ביזנעס וועט דאָס נישט שאָדן !

זאָג איך צו מיינער זי זאָל זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ די נאַרישקייטן, איך האַלט נישט פון דעם ! כ׳וועל איצט, אויף מיינע עלטערע יאָרן, זיך נישט יאָגן ווערן א פּרעזידענט ! איך האָב קיינמאָל נישט געהאַלטן דערפון און איצט אוודאי נישט. ס׳איז נישט פאר מיר, נישט פאר מיין כאַראַקטער און מיינע כוחות !

ווען מיינע האָט דאָס דערהערט איז זי געוואָרן אן אויפגעקאָכטע און ארויס מיטן לשון : אַלט איז ער ? אַ גאַנצן יאָר וואַרפט ער זיינע אויגן אויף יונגע ווייבלעך און מיטאַמאָל איז ער אַלט געוואָרן !! און ווער זאָגט דאָס אז מען מוז דאָס זיין יונג און האָבן כוחות אויף צו זיין א פּרעזידענט ?!

און באלד האָט זיך מיינע פונאַנדערגעוויינט : ס׳איז דאָך מיר א בזיון פאר מענטשן ! וועלכע פרוי האָט עס נישט היינטיקע צייטן אַ מאַן מיט אַ שטיקל טייטל ?! וועלכער מאַן איז נישט אַ מאַכער, אַ טרעזשורער, אַ טשערמאַן, אַ פּרעזידענט ? דער גרעסטער שלימזל, דער גרעסטער גאָרנישט איז דאָך עפּעס ! ווען דו וואָלסט וועלן, וואָלסטו אויך באַוויזן צו זיין א פונדיישן־לייגער פון א שוהל. קיין געלט דארף דאָס דיר נישט קאָסטן, מען דארף נאָר האָבן ענערדזשי !

— וואָס זאָל איך אָבער טאָן, — רוף איך זיך אָפּ צו מיינער, — אז איך בין א שלימזל און האָב נישט קיין ענערדזשי ? ס׳איז שוין פאַרפאַלן, כ׳וועל שוין

אַנדערש נישט זיין! געגוג מיט טענות, ס׳איז ערב ראש השנה, לאָמיר זיך נישט קריגן. ס׳איז נישט איצט די צייט דערפאַר און שלאָג זיך ארויס די נאַרישקייטן פון קאָפּ!

— מילא, — האָט מיט א צעבראָכן האַרץ מיינע נאָכגעגעבן, — כ׳וועל נישט גיין זיך קריגן איצט, ס׳איז דאָך ערב יום טוב. אָבער געדענק, אויב מיר וועלן דערלעבן איבער אַ יאָר וועל איך דיר נישט נאָכגעבן, דו וועסט מוזן ווערן אַ טשערמאַן. זאָלסט דאָס גוט געדענקען: א טשערמאַן, א פּרעזידענט וועסטו מוזן זיין!...

---

# דער קאָמפּלעקס: זיין געפאַלן

תמיד, ביי יעדער געלעגנהייט, אויף שריט און טריט פון מיין לעבנס־וועג, פיל איך זיך נישטיק און געפאַלן. מען טרייסט מיך, איך זאָל נישט זיין געפאַלן צוליב דער געפאַלנקייט מיינער וואָס איז מיר געקומען בירושה, ווייל אויך מיינע עלטערן און עלטערנס־עלטערן זיינען נישט געווען אַנדערש און דאָך האָבן זיי אויך אויסגעלעבט זייערע יאָרן אַלס געפאַלענע מענטשן...

ס׳איז אַ פיינע טרייסט וואָס מאַכט נאָך מער זיך פילן געפאַלן. כ׳באַדויער שטאַרק וואָס כ׳בין קיינמאָל נישט געפאַלן אויפן שכל ווי זיך ארויסצודרייען פון דער אייביקער פּלאָג וואָס פאַרפאָלגט מיך — דאָס געפאַלנקייט. אָפּגעהיטן זאָלט איר זיין צו זיין אַ געפאַלענער. אז מען איז אַ געפאַלענער איז גאָרנישט גוט, דאָס לעבן איז נישט אָנגענעם, מען פילט זיך תמיד דערנידעריקט און געפאַלן...

כ׳בין אמאָל געפאַלן אויף אַ פּלאַן ווי זיך ראַטעווען פון דער מיאוסער אָנשיקעניש, אָבער נאָך אַלע פּרוּוון בין איך דורכגעפאַלן...

ווען כ׳האָב חתונה געהאַט האָב איך געהאָפט פאַרבעסערן מיין מזל, האָב איך אָבער באלד זיך ארומגעזען אז כ׳בין אריינגעפאַלן... אלע געשעפטן וואָס איך האָב געטאָן, צו וואָס איך האָב זיך גענומען, בין איך דורכגעפאַלן...

כ׳האָב געהאַט געמאַכט א געשעפט מיט א שותף, איז דאָס געשעפט אוועק גאָרנישט שלעכט. עס איז אריינגעפאַלן לייזונג. ס׳איז געווען גוט. אָבער איך קאָן נישט באגרייפן ווי אזוי כ׳בין פון געשעפט ארויסגעפאַלן...

ווען איך האָב געפרעגט מיין שותף — היתכן? פאַרוואָס קומט מיר אזא ניט־מענטשלעכע באַהאַנדלונג? פאר אַט אזא פשוטע און גערעכטע פראַגע איז ער מיך מיאוס באַפאַלן — מיט פעטש...

האָב איך יענעם אָנגעקלאָגט אין געריכט. צו מיין מזל איז דער גאַנצער משפּט אַרויסגעפאַלן; ס'איז נישט געווען קיין משפט פארן געריכט — און אויס.

בין איך געוואָרן ביי זיך שטאַרק אַראָפּגעפאַלן, פאַרביסן די ליפּן און געטראַכט — פאַרפאַלן... רייד איך זיך אויס דאָס האַרץ, פאַלט דאָס ווייב אַריין מיר אין די רייד און קלאָגט אז זי איז ביי מיר אַריינגעפאַלן...

פון דעסטוועגן זיינען נאָך פאַראַן מענטשן וואָס זיינען מיך מקנא, באשר צו מיר זיינען אַריינגעפאַלן געראָטענע קינדער. אָבער די געראָטענע קינדער, די טעכטער מיינע, קלאָגן אויף זייער מזל, וואָס זיי זיינען אַריינגעפאַלן צו געפאַלענע עלטערן, ווייַנען אז זיי זיינען פאַרפאַלענע... אָבער נישקשה, די טעכטער מיינע וועלן שוין נישט פאַרפאַלן ווערן. זיי האָבן געפּאַקט לייטישע בחורים וואָס זיינען צו זיי צוגעפאַלן.

טאָקע בקרוב, אין א שעה מוצלחת, וועט מען פּראַווען שמחות און טע־לער וועלן פאַלן. אז כ'וועל דערלעבן אָט די גליקלעכע שעה וועט מיר אַראָפּ־פאַלן א שטיין פון האַרצן.

נו, איז דאָך אָבער נישטאָ קיין מזל, האָט דער אויבערשטער צוגעשיקט אַן איידעם, זיצט ער אויף מיינע פּלייצעס און טוט קיין זאַך נישט. ער מיינט אז ער איז אַריינגעפאַלן אין א שמאַלץ־גרוב. נו, איז מיר טאַקע ביטער — כ'בין אַריינגעפאַלן.

דערצו איז יענער א חולה, נישט פאר קיין שום מענטשן געדאַכט, האָט ער די פאַלנדיקע...

צו דעם אלעם הערט דאָס ווייב מיינע נישט אויף באַפאַלן מיך און שרייען: כ'האָב דיך געוואָרנט, אז דו וועסט אַריינפאַלן!

און אַריינפאַלן אין אַ ווייבס מויל איז אַ גרויסער אומגליק, מען איז אַ פאַרפאַלענער...

נו, איז טאָקע נישט גוט, כ'בין מיט אלץ דורכגעפאַלן, אַריינגעפאלן און — פאַרפאַלן.

אז עס גייט נישט, איז כאָטש צערייס זיך, ס'איז פאַרפאַלן!...

# אַ ביטערע „ירושה"...

ס׳האָט זעליג געקראָגן אַ גרויסע ירושה פון זיין פאָטער. ס׳איז א ירושה וואָס נישט יעדער קריגט אזעלכע און נישט אלע גבירים קאָנען לאָזן אזא ירושה פאר זייערע קינדער. די ירושה וועט זעליגן קלעקן אויף זיין גאַנצן לעבן... און אז ער וועט, אים ירצה השם, חתונה האָבן וועט די ירושה אויך קלעקן פאר זיינע קינדער און קינדס־קינדער. אָט אזא ירושה האָט זעליגס טאַטע אים געלאָזן...

פאַראַן עלטערן וואָס לאָזן זייערע קינדער ירושות, קלעקט עס נישט אויף לאַנג, האַלט לאַנג נישט אָן, עס ווערט פון זיי אַ באַרג אַש. פאראן כלערליי ירושות, און אזוינע ירושות וואָס פון זיי האָבן די אַדוואָקאַטן און געריכטן. אָבער פון דער ירושה וואָס אונדזער זעליג האָט געקראָגן וועט שוין קיינער נישט געניסן. קיינער קאָן זי פון אים נישט אַוועקנעמען. אויך האָט ער צו זיין ירושה קיין שותפים נישט. קיינער הרגעט זיך נישט מיט אים איבער איר, מען קוילעט זיך נישט, מען פרווט זי אפילו נישט פון אים צונעמען און קיין פראָפיטן וועלן שוין די אַדוואָקאַטן מיט די געריכטן פון זעליגס ירושה נישט האָבן. די ירושה איז דורכאויס זעליגס. זיין פאָטער האָט זי פאר אים געלאָזן, איבערגעגעבן זי אים אין זיין באַזיץ, אינגאַנצן צו אים, אָן שותפים. ס׳איז אין גאַנצן זיינע, געהערט צו אים אויף תמיד...

אָבער ס׳איז מערקווערדיק מיט זעליגס ירושה. מען איז אים קיינער נישט מקנא מיט איר. קיינער וויל זי פון אים נישט אוועקנעמען. אַלע פאַרגינען זי אים מיטן גאַנצן הארצן. ס׳איז גאָר אָן אויסנאַם, א זעלטנהייט פון א ירושה. אָן שרייבערייען, אָן צוואות, אָן טומל און אָן קריגערייען איז צו זעליגן איבער־געגאַנגען זיין טאַטנס ירושה.

אפשר דערפאַר וואָס די ירושה איז זעליגן אזוי לייכט אָנגעקומען, איז זי נישט אזא גליק פאַר אים. ירושות וואָס קומען לייכט אָן פטרט מען לייכט, אָבער מיט אונדזער העלד זעליגן איז דאָס גאָר להיפוך... דאָס אומגליק מיט זעליגס ירושה איז וואָס זיין טאַטע ע״ה האָט אים נישט איבערגעלאָזן קיין געלט, עשירות, הייזער, גאָלד, בריליאַנטן, באַוועגלעכע גיטער, ווערטפולע חפצים. בלויז אַ קליינע ירושה האָט פאַר אים זיין פאָטער געלאָזן, אַ ירושה וואָס זעליג וועט מיט איר זיך האַלטן זיין גאַנצן לעבן.

מענטשן וואָס קריגן ירושות, קריגן צו דער זעלבער צייט אויך שונאים. נאָר אנדערש איז דאָס מיט זעליגן. ער האָט טאַקע געקראָגן א ירושה, אָבער אָן שונאים. יעדער פארגינט זי אים מיטן גאַנצן הארצן... אנדערע מענטשן אויף זעליגס אָרט, אָן זיין שאָדן, מעגן זיך ווינטשן אזא מזל... אָבער זעליג אליין איז מוחל זיין מזל מיט זיין ירושה...

ווען מענטשן באקומען א ירושה לעבן זיי אויף, וואַקסן זיי, גרויסן זיך, בלאָזן פון זיך — מען קאָן שוין צו זיי נישט צוקומען. אָבער אנדערש איז דאָס מיט זעליגן. צייט ער האָט געקראָגן די ירושה איז ער אויס מענטש, קאָסט אים געזונט מיט געלט און ער איז שטענדיק פארמרה־שחורה׳ט און פאַרביטערט.

פאראן ירושות וואָס מען קאָן פון זיי פטור ווערן, מען קאָן זיי צעטרענצלען, פאַרטאַכלעווען, פאַרהוליען, פון זיי הנאה האָבן. זעליג אָבער קאָן זיין ירושה נישט פאַרהוליען און פון איר אויך נישט פטור ווערן. עס איז אַ ירושה לעולם ועד...

פאַראַן אויסגערעכנטע עלטערן, וואָס באזאָרגן קינדער... זעליגס טאַטע האָט אים אויך באַזאָרגט און געלאָזט אַ ירושה די לונגען־קראַנקהייט, וואָס צוליב איר האָט זעליג באַקומען אַן אַרבעט צו שפייען מיט בלוט. רק ער שפייט, שיער די נשמה שפייט ער נישט אויס...

טאַקע אַן אָרעמער ייד איז זעליגס טאַטע געווען, אָבער א ירושה האָט ער זיין זון געלאָזן — א ירושה אויפן גאַנצן לעבן — אַ גוטע קרענק...

אָפּגעהיט און באַשירעמט זאָל מען זיין פון אזוינע ירושות!

---

# נחת פון קינדער

דער גאַנצער פאַרמעגן מיינער זיינען די קינדער. ווער נאָך האָט אזעלכע געראָטענע קינדער ווי איך? דאָס זיינען נישט קיין קינדער, נאָר בריליאַנטן! פינף קינדער האָב איך: דריי יונגען — יונגאַטשעס מיט ביינער — און צוויי טעכטער, מוידן ווי די בערן. נישט אזעלכע קינדער ווי די היינטיקע, וואָס האַלטן זיך קוים אויף די פיס. די טעכטער מיינע, חוץ געראָטענע, זיינען זיי אויך פעאיקע, טאַנצן אלע טענץ. אז זיי לאָזן זיך אוועק מיט זייערע פיסלעך איז ווי פונקען וואָלטן פליען, עס נעמט אייך שווינדלען פאר די אויגן. זיי דרייען זיך ווי אַ ווינט־מיל, ווי אַ קאַרוסעל. אז אַ בחור פאַלט אריין אין זייערע הענט, דרייט ער זיך קוים ארויס אַ לעבעדיקער! אַ דאַנק מיינע קינדער האָט אַ פּנים מיין הויז פון אַ מוזעאום: אומעטום איז פול מיט „קאַפּס“, פּריזן, אויסצייכע־

נונגען און דיפּלאָמען, וואָס זיי, די קינדער מיינע, באַקומען פאַר זייערע קענטעניש!

מיט מיינע טעכטער וואָס מען זאָל מיט זיי נישט ריידן, קומען זיי אַרויף אויף דער טעמע פון טענץ! די רעקאָרדס אין שטוב הערן נישט אויף שפּילן און די טעכטער הערן נישט אויף צו טאַנצן. אָט, איך אַליין, מיט מיינע שוואַכע און קראַנקע פיס, בין שוין אויך געוואָרן אַ גאַנצער טענצער. ווען ס'פעלט אויס אַ פּאַרטנער צום טאַנצן, כאַפּן מיינע מוידן מיך און טרייסלען שיער נישט אַרויס מיר די נשמה, דרייען זיך מיט מיר ווי אין קדחת. אגב זיינען מיר מענטשן מקנא, זיי זאָגן ס'איז אַ גליק פון אַ טאַטן אַז אייגענע טעכטער זאָלן מיט אים טאַנצן. דעם אמת געזאָגט איז מיר אָבער נישט צום הארצן דאָס טאַנצן זייערס, עס טאַנצט מיר אין קאָפּ!

מיין יינגערע טאָכטער איז חוץ אַ טענצערין אויך אַ גוטע שווימערין. זי שווימט ווי אַ פיש, איז באַרימט מיט איר שווימען. יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג האָט זי „קאָמפּעטישאָנס" און ברענגט אַהיים פּריזן מיט מתנות. איר שלאָף־צימער איז באַהאָנגען מיט כלערליי אויסצייכענונגען און דיפּלאָמען. זי קומט אַלעמאָל די ערשטע מיט איר שווימען, דערפאַר אָבער קומט זי אַלע מאָל אַהיים — די לעצטע. נאָר וועגן שווימען רעדט זי. עס שווימט איר גאָרנישט אַרויס פון געדאַנק דאָס שווימען!

און מיינע זין, פון זיי האָב איך גאָר גרויסן נחת און פאַרגעניגן. מיין עלטערער זון איז אַ גאַנצער בקי אין הלכות ספּאָרט. נישטאָ קיין שפּיל אין וועלכן ער זאָל זיך נישט באַטייליקן. ער באַקומט „קאַפּס", די גרעסטע בעכערס און אויסצייכענונגען. ער איז אויך אַ „דזשאַדזש", אַ שופט, אין קלייניקייט אַזאַ טיטול! נישט יעדער בשר ודם איז צו דעם זוכה. ער טראָגט אַרויס דעם אורטייל ווער ס'איז גוט געלאָפן און ווער נישט. ווער ס'האָט גוט געקלאַפּט דעם באַל און ווער נישט. וואָס מיין בנאָק זאָגט איז קודש קדשים! און מיין יינגערער זון, אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט, איז דער גרעסטער לויפער. ער קאָן אָפּלויפן שעהן, טעג און נעכט. וואָס מער ער לויפט, מער וויל ער לויפן. זיין לויפן איז נישט סתם געלאָפן אין דער וועלט אַריין. ער איז נישט קיין געווינטלעכער לויפער. וועגן מיין זון און זיין לויפן שרייבט מען אין די צייטונגען. די רייכסטע זינדעלעך, די גרעסטע לויפערס, חברן זיך מיט מיין זון!

און מיין יינגסטער זון, דער מוזיניקל, אַ כוח אויף אים, איז גאָר אַ וואַזשנער יאַט! ווו זעט מען דאָס אַזאַ יאַט ביי יידן? האָט אַ פּאָר ידים ווי אייזן. אַז ער דערלאַנגט עמעצן אַ טערעבענץ, איז יענער דאַרף שוין נישט קיין אַטאָם־באָמבע. גאַנצע טעג מאַכט ער פּראָבעס: האַקט אין די ווענט, אין די טירן, מיט נסים קוים דאָס הויז האַלט זיך. יעדער בוכץ זיינער איז גאָלד, אויסצוקושן אים. אַ שטיק געזונט קומט מיר צו ווען ער איז מכבד עמעצן מיט זיינע ידים. די

מיידלעך האָבן פאַר אים די נכפּה, ווערן פאַר אים משוגע, אין די הונדערטער יאָגן זיי זיך נאָך אים. עס טרעפט ער קומט אהיים אמאָל מיט אונטערגעהאַקטע בלויע אויגן, זאָגט ער אז דאָס איז גאָרנישט: זיין אָפּאָנענט, דער קעגנער, האָט באַקומען ערגער. ער האָט יענעם צעבראָכן עטלעכע ריפּן, צעשפּאָלטן די נאָז, געעפנט די גאָמבע, אויסגעלינקט אים א פוס. וועגן מיין מוזיניקל שרייבן די צייטונגען, מען לויבט זיין באָקסן אין זיבעטן הימל אריין, און מיין הארץ שמעלצט זיך פאַר נחת!

מיינע שכנים און באַקענטע זיינען מיך מקנא מיט מיינע קינדער. גאָר אַ קלייניקייט — אזוינע קינדער! כ׳בין מיט זיי שטאָלצער און רייכער פונעם גרעסטן גביר! זיי זיינען דאָך גרויסע טאַלאַנטן, נישט יעדע טאַטע־מאַמע זיינען זוכה צו האָבן אזוינע קינדער! די מאַמע זייערע, מיין ידענע, בעט אלעמאָל צום אויבערשטן מען זאָל חלילה נישט געבן איר קיין עין הרע מיט אירע גע־ראָטענע קינדער און עס זאָל אונדז נישט געשטערט ווערן אונדזער נחת!

איך לאָך דאָך זיך אויס פון די געלערנטע, פון די דאָקטוירים און לאָ־יערס, פון די בוכהאלטערס און אינזשינערן און אנדערע שמענטעליגענטן. וואָס פאַר אַ באַדייט מ׳שטיינס געזאָגט האָבן זיי אין פאַרגלייך מיט מיינע קינדער די שווימער, טענצער, ראַגבי־שפּילער, לויפער, באָקסער. מיין קליינער יאַט, דער מוזיניק, אז ער וויל קאָן ער מיט זיינע ידים מאַכן קרעפּל־פלייש פון אלע גרעס־טע שמענטעליגענטן!

כ׳האָב נאָר א בקשה צום רבונו של עולם, אז מיין פאַטערלעכער נחת זאָל מיר נישט געשטערט ווערן: מיינע בנים זאָלן נישט פּרובירן זייערע כוחות אויף מיר, אויף מיינע ביינער!...

---

# אַ ליבהאָבער פון קונסט...

כ׳ווייס נישט פון וואַנען דער ייד איז פון מיר געוואָר געוואָרן. ער האָט מיך אָפּגעזוכט, זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר און צו מיר געזאָגט:

— שוין אַ לענגערע צייט אז איך זוך אייך. כ׳וויל אייך זען, איך מוז אייך זען!

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָב איך געפרעגט דעם ייד.

— ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט, אָבער איך מוז אייך זען. און נישט ווינצי־קער ווי איך וויל אייך זען, מוזט איר מיך זען!

— צוליב וואָס? — האָב איך געפרעגט דעם יידן.

— כ׳קאָן אייך דאָס על רגל אחת נישט דערקלערן. אָט איז מיין אַדרעס, קומט אריבער צו מיר!

דער ייד האָט ארויסגענומען פון זיינע קעשענעס פּאַפּירן, שמות און מיר דערלאַנגט א קאַרטל מיט זיין אַדרעס.

— צוליב וואָס ווילט איר מיך זען? — האָב איך יענעם געפרעגט.

— פרעגט קיין שאלות. איר וועט האָבן די גרעסטע הנאה ווען איר וועט צו מיר קומען. למען השם קומט! צו מיר קומען רבנים, קינסטלער, אלע גרויסע מענטשן קומען צו מיר!

— איך בין נישט קיין גרויסער מענטש! — האָב איך זיך אָפּגערופן.

— נו, מאַכט זיך נישט קליין, ביי מיר זייט איר גרויס. נישקשה, איך קען אייך שוין א סך יאָרן, כ׳לייען אלץ וואָס איר שרייבט — אייערע ביכער, אייערע פריילעכע שטיקלעך, איי, זייט איר אַ מייסטער!

— גוט, כ׳וועל קומען! — האָב איך איינגעשטימט בכדי זיך אָפּצו־טשעפּען.

ס׳איז נישט לאַנג אריבער, איניקע טעג נאָר, און עס באַווייזט זיך ווידער פאַר מיר יענער ייד, און רופט זיך צו מיר אָפּ מיט א שטיקל טענה:

— איך פּאַסט נישט קומען מיך זען?!

— ווער זאָגט דאָס?! — האָב איך זיך פארענטפערט.

— פארוואָס זשע קומט איר נישט?

— איר ווייסט דאָך, מען איז פארנומען. כ׳וועל קומען!

— גוט! — האָט דער ייד אויפגעשטראַלט, — קומט צו מיר זונטאָג, איר וועט הנאה האָבן, איר וועט נשתומם ווערן! איר וועט זען וואָס אזא ייד ווי איך קאָן מאַכן. איר וועט זען מיינע קונסט־בילדער, מיינע צייכענונגען, הערן מיין שפּילן, מיין זינגען. קומט, קומט!

ווען איך האָב דערהערט אז דער ייד, וואָס האָט שוין אודאי לאַנג אויס־געטוישט אַן אַכט צענדלינג יאָרן, איז אַ מאָלער, זינגער, שפּילער און אַ קינסט־לער, בין איך אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער קינסטלערישער מאַגיע און צוגע־זאָגט דעם ייד קומען אים זען.

ס׳איז געווען אַ הערלעכער אפריקאַנער זונטאָג־טאָג, א זונטאָג פאַרמי־טאָג, בין איך אוועקגעפאָרן זען דעם אַלטן ייד, דעם קינסטלער. יענער האָט מיך שוין ארויסגעקוקט, האָט געוואַרט פאַר זיין הויז. ער איז מיר אנטקעגן געגאַנגען און אונטערטראָגנדיק זיין קליין מאָגער הענטל, האָט ער מיך באַגריסט:

— שלום עליכם, מיסטער שישלער, איר זייט א וואָרט־מענטש, איך

דאַנק אײַך פֿאַר אײַער קומען. קומט אַרײַן, קומט אַרײַן אין מײַן הויז, אין מײַן צימער, איר װעט נשתּומם װערן. איר װעט עפּעס זען אַזױנס, װאָס איר האָט אין אײַער לעבן נאָך נישט געזען, קומט, קומט!

דער ייִד האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ קלײן צימערל. אין אַ זײַט דאָרטן איז געשטאַנען אַ שענקל, אַ בעט און אַ טיש. דאָס צימער איז געװען באַהאַנגען מיט כּלערלײ צײכענונגען און מאָלערײען — בּיליקע אַרבעטן, אָבער דערפֿאַר זײַנען אַנדערע פֿון זײ געװען אַרײַנגעפּאַסט אין קאָסטבאַרע גאָלדענע ראַמען... די בילדער האָבן פֿאַרגעשטעלט אַ גאַנצע רײ פֿיגורן, װי משה מיט די לוחות, דער רמב״ם, אליהו הנביא, שלמה המלך, דער װאַנדערנדיקער ייִד, דר. הערצל, פּראָפֿעסאָר אײַנשטײן, בן־גוריון, פּרעזידענט בן־צבי און נאָך אַ גאַנצע רײ פּער־זענלעכקײטן און געשטאַלטן, אױך בילדער פֿון גאַסן, שטעט, ספרי־תּורהס, מנורהס, בשׂמים־ביקסלעך, פּרויען־טיפּן און אַנדערע.

דער ייִד האָט מיך צוגעפֿירט צו יעדן בילד, צו יעדער צײכענונג און מיט פֿרײד געזאָגט:

— איר זעט די בילדער, זײ זײַנען אַלע מײַן אַרבעט. אַלץ אַלײן מיט מײַנע אײגענע הענט געצײכנט און געמאָלן. איר זעט די קופֿערטס, — האָט ער מיר אָנגעװיזן, — זײ זײַנען פֿול געפּאַקט מיט מײַנע קונסט־אַרבעטן. אַ שאָד װאָס איך האָב נישט געהאַט אַרט אַלץ אױסצושטעלן. איך װעל בקרובֿ האָבן אַן אױס־שטעלונג װעט איר זען װאָס איך קאָן!

איך האָב געקוקט אױף די װענט װאָס זײַנען געװען באַהאַנגען פֿון אױבן ביז אַראָפּ, אָן אַ סדר, מיט בילדער און צײכענונגען. אױפֿן טיש, אױפֿן בעט זײַ־נען געלעגן אָנגעװאָרפֿן אַלטע ספֿרים, בילדער, קאַפּיר־פּאַפּירן און אַנדערע. אָבער מיך האָט דאָס אַלץ נישט אימפּאָנירט. די מאָלערײען און צײכענונגען זײַנען געװען שװאַכע, אָן געשמאַק, אָן טעם. די פֿאַרבן זײַנען געװען אַ װילדער אױסגוס, אַ רעגנבױגן פֿון פֿינצטערע קאָלירן װאָס האָבן נאָך זיך געלאָזן אַ שלעכטן נאָכטעם.

דער ייִד מיטן שיטערן בערדל און פֿײַערדיקע אױגן האָט מיט גרױס הנאה אױף מיר געקוקט און נישט אױפֿגעהערט צו לױבן זײַן קונסט:

— װאָס װײסן זײ, די היינטיקע שנעקעס, װעגן מאָלן. איר זעט דעם װאַנדער־ייִד פֿון שפּאַניע? קוקט אָן זײַנע שטיװל, זײַן שטעקן, — עכטע קונסט איז דאָך דאָס, היסטאָריע! דערפֿון קאָן מען דאָך עפּעס לערנען, דאָס האָט דאָך אַ באַדײַט! נו, קרימען זײ מיט די נעזער, די היינטיקע מאָלערס, זײ געפֿעלט נישט מײַן מאָלן. דאָס איז דערפֿאַר װאָס זײ זײַנען נישט קײן פֿאַרגינערס! אַדרבא, זאָלן זײ מאָלן אַזאַ משה מיט די לוחות! קוקט אָקאָרשט אָן די אױגן פֿון משה׳ן, דאָס זײַנען דאָך נישט קײן אױגן, נאָר דימאַנטן זײַנען דאָס!

און די לוחות — ממש אמתע שטיינער. ווער היינטיקע צייטן איז דאָס ביכולת צו מאָלן אזא משה! דאָס איז דאָך קונסט, אמתע קונסט! היסטאָריע איז דאָך דאָס!

דער ייד האָט מיט שוים אויף די ליפּן גערעדט וועגן זיינע גרויסע קענ־טענישן און פאַר מיר זיך געקלאָגט, אז מענטשן זיינען נישט קיין מבינים, מענטשן זיינען נישט קיין פאַרגינער, מען אנטמוטיקט אים אין זיין שאַפן, מען קריטיקירט זיין מאָלן, מען שטערט אים אפילו מאַכן אן אויסשטעלונג פון זיינע שאַפונגען, זיין בלוטיקע פּראַצע! אָבער ווער הערט זיי? איך מאַך מיר אויס־שטעלונגען, שטעל אויס מיינע בילדער ביי מיר אין שלאָף־צימער!... הלוואי אויף ווייטער נישט ערגער מיט מיין דערפאָלג. יעדעס מאָל ווען איך מאַך אזא אויסשטעלונג פאַרבעט איך אַ וויכטיקן ייד, אַ מענטש וואָס פאַרשטייט זיך אויף קונסט — און גאָט־צו־דאַנקען, איך האָב מיר מיין דערפאָלג און באפרידיקונג אין די ווענט פון מיין שטוב.

דער ייד האָט פון ערגעץ אַ ווינקל ארויסגענומען עפּעס אַ שפּיל־קעסטל און דערביי מיר דערקלערט, אז ער איז אַ חוץ מאָלער־קינסטלער, אויך אַ גוטער שפּילער. ער באַגלייט די בילדער, אנשטאָט מאַכן דערקלערונגען וועגן זיי, מיט מוזיק און געזאַנג. מיט א קרעכצנדער שטימע זינגט ער אויס אָפּגעריסענע פאָלקס־גראַמען וועגן אייביקן ייד, וועגן דער יידישער תורה, וועגן ייד דעם וואַנדערער. דאָס זינגען זיינס איז פאַרשטיקט, הייזעריקלעך, און אין מיטן פאַרגעסט דער ייד, נעבעך, ווו ער האַלט. פוילט ער זיך נישט און הויבט אָן פון דאָסניי... דערווייל פארהוסט ער זיך, בעט ער מיך איבער און זעצט ווייטער פאָר. ער לאָזט מיך נישט אָפּווענדן מיין אויפמערקזאַמקייט, קוקט מיך אין די אויגן, וויל הערן מיין מבינות און שמעלצט זיך פון גרויס תענוג...

ווען איך ווייז נישט ארויס קיין קעלבערנע התפּעלות פאַר זיין קונסט, רופט דער ייד זיך אָפּ:

— נו, איר ווילט אויך זיין ווי יענע גזלנים וואָס פאַרגינען מיר נישט?!

— חלילה, — האָב איך זיך פארענטפערט, — איך פאַרגין אייך מיטן גאַנצן האַרצן. הלוואי אויף לאַנגע יאָרן זאָלט איר אזוי אָנגיין מיט אייער שפּילן, מיט אייער זינגען און מאָלן!

— אָט, כאָטש איין גוטן פריינד זע איך! — האָט דער ייד זיך דערפריייט. יאָ, איך מוז אייך זאָגן אז נישט נאָר זייט איר אַ גוטער שרייבער, נאָר אויך האָט איר אַ פאַרשטענדעניש פאַר קונסט! אָ, איך בין אייך זייער דאַנקבאַר פאַר אייער קומען, פאַר אייער האַלטן וואָרט און פאר אייער ארויסגעזאָגטע מבינות וועגן מיינע שאַפונגען. דאָס רעגט מיך אָן, מוטיקט מיך פיל אָנצוגיין ווייטער מיט מיין שאַפן!

דער צעשטראָלטער ייד האָט מיך ארויסבאַגלייט אַ צופרידענער פון זיין צימער מיט די ווערטער:

— אָט דאָס איז אַ גוטער ייד. איר באַזיצט אַ גרויסן חוש פאר קונסט!...

* * *

ווען איך בין ארויס אויפן גאַס, געווען שוין אוועק עטלעכע הייזער פון דעם יידנס בילדער־אויסשטעלונג, האָב איך פריער אָפּגעאָטעמט, איינגעאָטעמט אין זיך די פרישע לופט פון דרויסן און געטראַכט: אַ מאָדנער טיפּ אָט דער ייד.

גייענדיק אזוי פאַרטראַכט און ארייגקלערנדיק וועגן דעם וואָס איך האָב מיט אַ פּאָר מינוט צוריק געזען, איז מיר פּלוצלינג פארלאָפן דעם וועג א יונגער בחורל. ער איז געווען שטאַרק פאַרמאַטערט, שווער געאָטעמט און געסאָפּעט. מיט אַ פאַרשטיקט קול האָט ער קוים אויסגערופן!

— אַנטשולדיקט, כ'האָב מיך פארשפעטיקט ביים ספאָרט! נו, ווי געפעלן אייך די בילדער, די צייכענונגען וואָס מיין זיידע האָט אייך געוויזן? אַ יאָ, פיינע? דאָס זיינען אַלע מיינע ארבעטן, איך האָב זיי קאָפּירט פון ביכער און צייטונגען פאַר מיין זיידן. מיין זיידע, א געזונט אויף אים, איז א גרויסער ליבהאָ־בער פון קונסט!...

---

# גליקן

ער האָט מיך אָנגעכאפּט אין מיטן גאַס, שטאַרק מיט מיר זיך דערפרייט און גענומען ריידן אין איין אָטעם:

— גוט וואָס כ'האָב אייך געטראָפן, שוין זייער לאַנג אייך נישט געזען, אפשר 15 יאָר אייך נישט געזען! איר קוקט דאָך אויס דער זעלבער ווי מיט פופצן יאָר צוריק, אויף א האָר זיך נישט געענדערט. עס מוז אייך געוויס גיין גוט, איר מאַכט אוודאי גוטע געשעפטן, ווי דען שלעכטע געשעפטן וועט איר מאַכן?! אָט, למשל, נעמט מיך. ווי איר זעט, בין איך נישט דער וואָס איז געווען אַמאָל, גאָט צו דאנקען זיך ארויפגעאַרבעט, היינט שפּילט ביי מיר קיין ראָלע נישט פאַרדינען אַ פינף און צוואַנציקער, אַ פופציקער און מער אויך. גלויבט מיר, אז איך דאַרף דאָס נישט, עס פעלט מיר ברוך השם גאָרנישט. כ'האָב גאָט צו דאנקען געלט, הייזער, איך קריג אריין דירה־געלט פון שכנים, כ'באקום פראָצענטער פארן געלט מיינעם וואָס ליגט אין די בענק. נישט איינ־מאָל טראַכט איך: צו וואָס דארף איך דאָס? יאָ, כ'האָב גענוג, צופיל! דערצו

פֿאַרדין איך אַלץ מער און מער, מיר דרייט דער מוח, וואָס וועל איך טאָן דערמיט ?! סך הכל האָב איך צוויי קינדער, צוויי זין, שוין חתונה געהאַט. זיי איז גוט ווי די וועלט, זיי דאַרפֿן גאָרנישט פֿון מיר, נישט געקוקט דערויף האָב איך אויף זייער נאָמען געגנוג אָפּגעשריבן, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר וועלן זיי האָבן געגנוג. אָבער דערווייל וואַקסט אַלץ מער מיין פֿאַרמעגן, עס קומט אַלץ מער צו פּראָצענטער, צוליב וואָס דאַרף איך עס ?!

— איר ווייסט, — רעדט יענער צו מיר אַלץ אין איין אָטעם, — אַז איך זאָל וועלן קאָן איך זיך איינהאַנדלען די שענסטע געביידע אין בעסטן פּונקט און פֿאַר איר באַצאָלן מזומן. אָבער צו וואָס דאַרף איך עס ? איר פֿאַרשטייט, אַז איך וועל קויפֿן נאָך אַ געביידע וועט נאָך מער וואַקסן מיין קאַפּיטאַל, מער פּראָפֿיטן מאַכן, רייכער ווערן, טאָ צו וואָס דאַרף איך עס. פֿאַר מיר, מיט מיין יידענע, וועט דאָס פּראָצענט פֿונעם קאַפּיטאַל אַליין צופֿיל זיין, און פֿאַר די קינדער, ווייסט איר דאָך שוין, וועט זיין געגנוג, זיי זיינען שוין באַזאָרגט אויף זייער גאַנצן לעבן, זיי און זייערע קינדס־קינדער. אַ דאגה האָב איך, זאָלן זיי האָבן, זאָלן זיי וויסן פֿון אַ לעבן, זאָלן זיי וויסן אַז זיי האָבן געהאַט אַ גוטן און רייכן טאַטן. פֿיל מאָל זאָרג איך נאָר צוליב וואָס וועלן דאָס מיינע קינדער נויטיק האָבן אַזוי פֿיל געלט, וואָס וועלן זיי דערמיט טאָן. איך טראַכט אַמאָל, אַז ווער ווייסט, אפשר וועלן די קינדער אַמאָל ניט זיין צופֿרידן מיט אַזאַ גרויס עשירות, וואָס איך לאָז זיי איבער. אַ סך מאָל טראַכט איך, כ׳וועל אַ ביסל אויסגעבן, אויסברענגען, עס וועט געגנוג זיין מיט עטלעכע טויזנטער ווינציקער. איז אָבער די צרה, וואָס עס ווערט גאָרנישט ווינציקער, נאָר פֿאַרקערט, עס קומט אריין די ברכה און עס ווערט מער. כ׳גיב צדקה אויף רעכטס און לינקס. ווער נאָר עס קומט צו מיר, גיב איך. כ׳גיב פֿאַר יידן און קריסטן, פֿאַר ווייסע און שוואַרצע, פֿאַר היגע און פֿרעמדע, פֿאַר אינסטיטוציעס און פֿאַר יחידים. כ׳גיב אַוועק געלט פֿאַר קאַמפּיינס, זאַמלונגען, פֿאָנדן, פֿאַר אקציעס און אַפּילס. כ׳גיב אויס אויף בויען שוהלן און להבדיל פֿאַר קירכעס. כ׳גיב פֿאַר געזונטע און פֿאַר קראַנקע, כ׳גיב פֿאַר קרומע און גלייכע, פֿאַר בלינדע און טויבע, פֿאַר שטומע און קאַליקעס. וואָס מער איך גיב קומט מיר צו כפל כפלים, און אויב עס זאָל אַזוי ווייטער גיין, ווייס איך גאָרנישט וואָס איך וועל טאָן מיט אַזויפֿיל געלט !

— ווי איר זעט מיך, — האָט יענער אַלץ פֿאָרגעזעצט, — שפּילט ביי מיר נישט קיין ראָלע פֿאַרדינען אַ הונדערטער און מער אויך, אָט פּונקט ווי אויס־רויכערן אַ סיגאַרעט. איר ווייסט גאָרנישט ווי גוט מיר איז לעצטנס, עס איז מיר קיינמאָל אַזוי גוט געוועזן. אדרבה, קומט צו מיר אריבער וועט איר אָנקוקן אַ הויז — אַ פּאַלאַץ. איר וועט זען אַ רייכטום, איר וועט זען די קאָסטבאַרע חפצים וואָס איך האָב, איר וועט זען די דימאַנטן און אַנדערע ווערטפֿולע זאַכן אין מיין הויז ! קומט צו מיר, אָט איז מיין אַדרעס, נעמט מיין וויזיט־קאַרטל,

טעלעפאַנירט מיר, קומט מיך זען, איר וועט קיין חרטה נישט האָבן, איר וועט האָבן אַ גרויסע הנאה, קומט! — — —

פלוצלינג האָט ער אויפגעהערט ריידן, געבליבן שטיל אַ ווײַלע, האָט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן, און אין אַ שטילן טאָן צו מיר זיך אָפּגערופן:

איר קלערט אז דאָס איז אַלץ אמת. עס איז בלויז אַ שיינער פאַרלאַנג. כ׳וויל פון אייך פאַר דערציילן אָט דעם שיינעם חלום בעטן מיר טאָן אַ טובה און באַרגן מיר אַ פּיוּוער! כ׳וועל בקרוב אייך אָפּגעבן צוריק מיט דאַנק... איך בין דאָך עפּעס אין מיין פאַנטאַזיע אַ ייד אַן עושר!...

---

# אַ קאָלעקטאָר

כאַפּט מיך אנומלטן אַן אַ ייד אַ קאָלעקטאָר און רעדט פאַר מיר זיך אויס דאָס האַרץ:

„איר הערט, ס׳איז נישטאָ נאָך אזא ביטערע און אומבכבודיקע פּרנסה ווי קאָלעקטאָריי! ס׳איז נישט גוט צו זיין אַ קאָלעקטאָר פון אַ יידישער סאָסייטי און קאָלעקטן פון יידישע מעמבערס, ס׳איז נישט קיין האָניק־לעקעכל. זיין אַ יידישער קאָלעקטאָר איז שווערער פון זיין אַ פּרעזידענט, אַ דיפּלאָמאַט. שוין בעסער צו זיין אַ גביר, אַ באַנקיר אײדער אַ יידישער קאָלעקטאָר!

אַ קאָלעקטאָר איז אַזאַ באַשעפעניש, רחמנא ליצלן, וואָס אלע וויכן פון אים, מען היט זיך פון אים ווי פאַר אַ מגפה. מען אַנטלויפט פון אים, מען פאַר־שליסט טיר און טויער פון אים ווי פאַר דעם ערגסטן רוצח. דערצו זיינען אלע אים שונאים, אלע האסן אים און ווילן אים זען אויף יענער זייט טיר!...

איך בין שוין אַ קאָלעקטאָר נישט פון נעכטן, כ׳האָב שוין ביים קאָלעק־טאָריי געפּאַקט און געמאָזלט. איך קען שוין די פּראָפּעסיע ווי זיך אליין. איך קען מיינע קליענטן מיט אלע זייערע מעלות און חסרונות, איך קען זיי גענוי ווי מיינע צען פינגער!

ווען איך קום אריין צו אַ מעמבער קאָלעקטן דערקען איך באַלד אין וואָס פאַר אַ שטימונג יענער איז. איך דערקען ווען יענער איז אין אַ גוטער אָדער שלעכטער שטימונג. אויב יענער איז אין אַ גוטער שטימונג זאָגט ער מיר ברייט־לעך מיט אַ שמייכעלע: „ליידער, נישט היינט, קומט אַ צווייטן מאָל!" אויב יענער איז אין אַ שלעכטער שטימונג, בייזערט ער זיך, זאָגט בקול רם: „שוין ווידער געלט, אלע טאָג געלט, געלט — כ׳האָב נישט היינט!"

אויך קען א קאַלעקטאָר יעדן מעמבערס כאראקטער, ווייסט ווער ס׳איז אַ גוטער און ווער אַ שלעכטער, ווער אַ קאַרגער און ווער אַ מילדער. עס איז אמת אז זינט איך בין אַ קאַלעקטאָר האָב איך נאָך נישט געזען און נישט גע־טראָפן קיין מילדע מעמבערס, אויסער איינעם, אַן אויסנאַם: איינער אַ רייכער מעמבער וואָס האָט מיך אמאָל גערופן אין שענק טרינקען ביר — און איך האָב געצאָלט!...

יאָ, אַנומלטן בין איך אריינגעקומען צו א היגן גביר קאַלעקטן מעמבער־שיפּ, פרעגט מיך יענער וויפל ער איז שולדיק. איך האָב אריינגעקוקט אין ביכל און אויסגעפונען אז יענער איז הינטערשטעליק מיטן צאָלן קרוב זעכצן חדשים. האָט יענער זיך ברייט גענומען צו דער קעשענע, און איך — צו אויסשרייבן אַ רעסיט, אַ קבלה אויף דער סומע. נו, ווייסט איר וויפל דער ברייטער גביר און מילדער מעמבער האָט מיר דערלאַנגט? — צוויי שילינג פאר איין חודש!

פאראַן מעמבערס וואָס הייסן דעם קאַלעקטאָר קומען מאָרגן, וואָס אַרט דאָס זיי? — נו, קום איך מאָרגן, איך בין נישט פויל. דערויף בין איך דאָך אַ קאַלעקטאָר! און ווען איך קום מאָרגן זאָגט מען מיר ווידער — מאָרגן! און נאָכן קומען אַ זעקס מאָל אָדער מער זאָגט מען מיר קאַלט, שוין אויף ענגליש: „נאָט טו דעי, נעקסט טאַים!״

איך האָב אַ סך מעמבערס וואָס בלייבן אין צענטער שטאָט, בין איך נישט פויל אויף מיין גאַנג און גיי צו זיי יעדן טאָג, ווארף יעדן צו א פריינדלעכן גוט מאָרגן און אַ „וואָס מאַכט מען?״, אַ „האַו דו יו דו״ — אפשר וועט דאָס זיין א סגולה ארויסצוקריגן וואָס, מאכן לייכטער צו קאַלעקטן פון יענע. אָבער די סגולה האָט א קנאַפּע ווירקונג. מיין חנדלען און פריינדלען זיך העלפט נישט. אויף מיין גוט מאָרגן, וואָס מאַכט מען און „האַו דו יו דו״ בלייב איך אָן ענט־פער און איך פיל זיך ווי אַן אָפּגעשמיסענער!...

ערגער איז מיט די מעמבערס וואָס בלייבן אויסערן שטאָט, אין די פאר־שיידענע געגנטן. ביי יענע צו קאַלעקטן פאָדערט זיך שוין פיל טירחה, צייט און אויך געלט. ווייל עולה רגל זיין צו זיי איז שווער, מוז מען שוין צו יענע לויפן מיט טראַמווייען און באַסעס, פטרן פיל צייט, יאָגן זיך איבער די הויפן און הייזער, קלאַפּן אין טירן. דאָס איז שוין גאָרנישט קיין לייכטע ארבעט. לסוף קום איך אהיים מיט אַנגעבראָכענע מידע פיס, אין די זייטן שטעכט און ברעכט, דער קאָפּ פארדרייט, גייט ווי אויף רעדלעך — און די אונטערשטע שורה — אין קעשענע איז דאָ אַ פייג!

איינעם אַ מעמבער האָב איך, איז ער באַרימט פאר א מילדן מענטשן מען שמועסט אז א פינף און צוואַנציקער האָט ביי אים די ווערט פון א שמעק־טאַבאַק. אויפן מינדסטן פערדל אָדער ביים קאָרטן־טיש ווארפט ער זיך מיט געלט. אָבער מאָדנע ווען איך קום צו יענעם נאָך מיטגליד־אָפּצאָל, נאָך דעם

נישטיקן אָפּצאָל, ווערט ער אזא קאַרגער, אזא קלאָגער, כאָטש גיי און מאַך פּאַר אים אַ קאָלעקשאָן !...

כ׳האָב אַ שאָפּ־קיפּער פאַר א מעמבער, איז ווען ער דערזעט מיך פון וויטן כאַפּט ער און שליסט צו די שאָפּ... אַ צווייטן שאָפּ־קיפּער האָב איך וואָס ער שליסט ניט די שאָפּ ווען ער זעט מיך: ער האָט אַן אַנדער דרך. ווען ער דערזעט מיך שרייט ער אויף מיר און בייזערט זיך, אז אלע מאָל קום איך און שטער אים אין די ביזנעס!

יאָ, ס׳איז שווער צו זיין אַ קאָלעקטאָר פון א יידישער סאָסייטי. ס׳איז אַ שווער שטיקל ברויט! איך האָב שוין אַמאָל געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון דעם, האָט פאר מיר די גאַנצע קאָמיטע געחלשט, געוויינט און זיך געבעטן איז זאָל ווייטער זיין, כ׳זאָל רחמנות האָבן, ווייל א סאָסייטי קאָן אויסקומען אָן א טשער־מאַן, אָן א סעקרעטאַר, נאָר נישט אָן א קאָלעקטאָר...

איז ווי איר זעט, בין איך ווייטער געבליבן אלס קאָלעקטאָר, און גלויבט מיר, אז עס איז נישטאָ וואָס מיך מקנא צו זיין!״

---

# אַ שיגעון פון זעלבסטמאָרד

מיינער אַ באַקענטער האָט זיך אריינגעשלאָגן אין קאָפּ נישט מער און נישט ווייניקער, ווי זעלבסטמאָרד — ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט א חשק באַגיין זעלבסטמאָרד. ער וויל פאַרזוכן דערפון דעם טעם... ער, מיין באַקענטער, האָט שוין אַלץ פּרובירט: איז געפלויגן מיט עראָפּלאַנען, געפאָרן מיט שיפן, באַנען, אויטאָס, טאַנקען. שוין געווען אייניקע מאָל פאַרהייראַט און אייניקע מאָל געג׳גט, אָבער זעלבסטמאָרד איז ער נאָך קיינמאָל נישט באַגאַנגען.

א גרויסער העלד איז מיין באַקענטער, שרעקט זיך נישט פאר קיין זאַך. ער טענהט אז אַ מענטש דאַרף נישט זיין קיין טרוס, קיין פּחדן, דאַרף זיך נישט שרעקן און מורא האָבן אפילו פאַרן טויט. דעריבער האָט אים אָנגעכאַפּט א גרויסע לוסט באַגיין זעלבסטמאָרד. ער וויל זען וואָס דאָס איז אזוינס: אַ מענטש דאַרף אַלץ וויסן. מען לעבט דאָך נישט מער ווי איינמאָל...

האָט מיין באַקענטער שוין פיל זאַכן אין לעבן פּרובירט, העלדנטאַטן ארויסגעוויזן, געקעמפט אָפט אין מלחמות, געווען אין פיל שלאַכטן. שוין געווען מער אויף יענער וועלט ווי אויף דער. עס ווייסט דעם טעם פון אַלץ אָבער נישט פון זעלבסטמאָרד. ער איז שוין אמאָל געווען פאַרשאָטן אין אַ גרוב פאַר 15 מינוטן און איז ארויס אַ לעבעדיקער. ער האָט אַמאָל געהאָט א געוועט

אויפצועסן 30 האַרטע אייער, און עס האָט אים נישט פאַרשאַדט. איצט האָט אים אָנגעכאַפּט א חשק באגיין זעלבסטמאָרד.

ער איז פארשיידענע סכנות און געפאַרן אין לעבן דורכגעגאַנגען און דער טייוול האָט אים נישט געכאַפּט. ער האָט שוין אין לעבן געפילט דעם טעם פון פינצטערניש און ביטערניש, פון הייס און קאַלט, אָבער נישט דעם טעם פון זעלבסטמאָרד.

ער האָט אַמאָל זיך געוועט, ער וועט אויפעסן א געבראָטענע גאַנדז מיטן פּאָרצעלייענעם טעלער... אָט אזא געוועט האָט ער געהאַט. ס'האָט אים גע־נומען 6 שעה ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער אכילה, אָבער ער האָט געוווּנען דעם געוועט. דעריבער האַלט מיין באקענטער, אז זעלבסטמאָרד איז נישט געפערלעך, יעדנפאַלס, נישט געפערלעכער פון אויפעסן 30 האַרטע אייער אָדער אַ געבראָטענע גאַנדז מיט אַ פּאָרצעלייענעם טעלער...

און ער האָט זיך אריינגעהאַקט אין קאָפּ — זעלבסטמאָרד. אים געפעלט דאָס שטאַרק. דערצו מאַכט ער נאָך פּראָפּאַגאַנדע צווישן זיינע נאָענטע און באַקענטע אז זיי זאָלן זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם און באַגיין זעלבסטמאָרד. אז מען זאָגט אים, ער איז נישט ביים זינען, פּלאַפּלט נישט קלאָרע געדאנקען, ווערט ער שטאַרק אין כעס און וואָלט יענעם דערפאר דערמאָרדעט. ער גיט אוועק א גאַנצע לעקציע וועגן זעלבסטמערדעריי, רעדט וועגן דעם פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט וועגן קונסט אָדער וויסנשאפט. ער האַלט אז א מענטש באַגייט זעלבסטמאָרד, מוז ער דאָס מאכן מיט גרויסער געניטשאַפט, נישט גע־פּאַרטאַטשעוועט, אז נישט הרגעט ער אוועק דעם גאַנצן געשמאק דערפון. נו, פּלאַנט ער, מיין באַקענטער, דורכצופירן אַ ריכטיקן „דזשאָב״, אז עס זאָל נישט זיין קיין ארויסגעוואָרפענע ארבעט...

ער ווייסט נאָר נישט ווי ער זאָל דורכפירן זיין זעלבסטמאָרד־פּלאַן: צי דורך הענגען, טרינקען, שיסן אָדער סמען זיך? ער איז טאַקע מיט דעם פאר־נומען גאַנצע טעג און נעכט. עס נעמט אים אראָפּ דעם קאָפּ, ער קאָן זיך נישט באַשליסן אויף וועלכן אופן דורכצופירן זיין זעלבסטמאָרד־פּלאַן.

דערווייל האָט ער א גרויסע זאָרג אויף זיין קאָפּ, וואָס מאטערט אים שטאַרק אויס. ער איז שוין אָן לוסט און אָן כוחות צו באגיין זעלבסטמאָרד.

פון דעם אַלעם איז ער שטאַרק צעטראָגן. ער איז אויס מענטש, גייט ארום א צעטראָגענער, אָן אויפגערעגטער. נעבעך א גרויס רחמנות אויף אים. רק ער סטראַשעט אז ער וועט זיך אַ מעשה אָנטאָן...

# פנים אל פנים מיטן מלאך־המות

כ׳האָב נישט געהאַט וואָס טאָן, האָב איך באַשלאָסן האָבן אַ שטיקל אינ־טערוויו מיטן מלאך־המות. היות כ׳האָב צייט, האָב איך מיט אים באַשטעלט אַ שעה, און נישט ער זאָל קומען צו מיר, בעסער איך וועל גיין צו אים. בין איך אוועק און געטראָפן אים שאַרפנדיק אַ מעסער.

— גוט מאָרגן, מלאך־המות!

— אַ גוט יאָר אײַך, שרייבער!

— איר מיינט ערנסט, אַ גוט יאָר?

— ביי מיר איז נישטאָ קיין געלעכטער, אַלץ איז ערנסט! — האָט דער מלאך־המות געענטפערט.

כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן, נישט געפילט זיך איבעריק היימלעך. דער מלאך־המות האָט דאָס באַמערקט, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— זעצט זיך צו, מאַכט זיך היימיש!

— אַ דאַנק — האָב איך קורץ געענטפערט און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ באַקוועמען ווייכן שטול, וואָס שיקט זיך גאָרנישט אַזאַ צו געפינען ביים מלאך־המות.

דער מלאך־המות האָט אַוועקגעלייגט דאָס מעסער און צו מיר געזאָגט:

— אײַך, שרייבער, גייט בעסער ווי מיר, איר שרייבט ווען איר פילט דעם דראַנג צו שרייבן און וואָס אײַך געפעלט קלייבט איר זיך טעמעס אויס, ס׳איז אײַך וווּל. מיר איז נישט גוט, גאָרנישט גוט, ווייל דאָס שרייבן אין דער הויך גיט מיר פיל אַרבעט. איך טאָר נישט זיין איבערקלייבעריש, מוז אַלץ טאָן, אַ פּאַסקודנע שטיקל ברויט וואָס קריכט מיר שוין פון האַלדז. ס׳איז מיר שוין לאַנג נמאס דאָס כסדרדיקע פּראָצעדוּרן, דאָס שטענדיקע יאָגן זיך נאָך מענטש־לעכע נשמות. ס׳איז מיר שוין דערעסן די באַנאַלע מלאכה מיינע. כ׳האָב באַשלאָסן זיך ווענדן צו דער פמליא של מעלה, מען זאָל מיר אַרויסלאָזן פון עסק, מען זאָל מיך באַפרייען. כ׳האָב שוין גענוג געאַרבעט, שוין צייט איך זאָל ריטייערן!...

— אוודאי וואָלט איר שוין געמעגט ריטייערן, אויפגעבן די אַרבעט! — האָב איך איינגעשטימט.

— יאָ, אָבער דאָס איז נישט לייכט, מען נעמט נישט אָן מיין רעזיגנאַ־ציע. כ'האָב שוין איינמאָל געמיינט, אז אָט־אָט וועל איך ווערן א פרייער מענטש, וועל פטור ווערן פון מיין פינצטערער מלאכה, דאָס מלאך־המותעווען. ס'איז געווען בימי היטלער־סטאַלין. ווען יענע האָבן גענומען פירן מיט מיר א קאָנקורענץ, האָב איך געמיינט כ'וועל שוין פטור ווערן פון מיין ביטער שטיקל ברויט!

— וואָס האָט היטלער־סטאַלין געהאַט צו טאָן מיט אייך, ה' מלאך־המות? — האָב איך געפרעגט.

— איר זייט אָ נאַאיווער מענטש, — האָט דער מלאך־המות צו מיר זיך אָפּגערופן, — אמת טאַקע אז יענע האָבן מיט מיר נישט געהאַט צו טאָן, נאָר געהאַט צו טאָן מיט די מענטשן, אָבער בינו לבינו האָבן זיי דאָך בשעתו פון מיר אוועקגענומען פיל ארבעט. כ'בין דאָך שיעור צוליב זיי נישט געבליבן ארבעטלאָז. איי, ווען יענע חברהלייט וואָלטן לענגער געלעבט, וואָלט איך גע־בליבן אָן אַ שטאַך־ארבעט. מעגלעך איך וואָלט שוין היינט נישט געלעבט. נו, האָב איך דאָך קיין מזל נישט, בין איך ווייטער געבליבן אויף מיין דזשאָב!

— כ'ווייס נישט וואָס איר קלאָגט זיך? — האָב איך געפרעגט דעם מלאך־המות.

— פארוואָס זאָל איך זיך נישט קלאָגן, — האָט דער מלאך־המות גע־מאַכט אַ זויערע מינע — כ'האָב א פינצטער שטיקל ברויט, מיט בלוט קומט דער ביסן אָן. מען מוז ארבעטן טאָג און נאַכט, „אָווערטיים". כ'האָב דאָך נאָך נישט געהאַט קיין שטיקל האָלידיי, קיין אורלויב אין מיין לעבן. אלעמאָל ווען איך בעט עטלעכע וואָכן אויף אָפּכאַפּן דעם אָטעם, אויף אָפּרוען זיך, אנטזאָגט מען מיר!

— וואָס, פון דער שטעלע?

— ניין, פון אָפּרוען זיך!

— שטרייקט מען! — האָב איך זיך ארויסגעכאַפּט.

— כ'האָב שוין אמאָל געסטראַשעט מיט אַ שטרייק, האָט מען מיר גע־וואָרנט מיט סאַנקציעס!

— דהיינו?

— אז מען וועט מיך פאַרשיקן אויף דער זינדיקער וועלט. כ'האָב זיך טאַקע איינמאָל פארזינדיקט, האָט די פמליא של מעלה ארויסגעטראָגן אויף מיר אַ גזר מיך פאַרשיקן אויף דער ערד. עס איז מיר געווען ווי און ווינד ווען איך בין אראָפּגעקומען אויף דער זינדיקער ערד און דערזען די וועלט מיט די מענטשן. כ'האָב זיך גענומען חידושן: ווי אזוי לעבן זיי, וואָס פאר אַ לעבן איז דאָס, ווי קאָנען זיי אויסהאַלטן?

דער מלאך־המות האָט אַ זיפץ געטאָן און ווייטער גערעדט:

— איך האָב דערזען נישט אַ וועלט, נאָר א פינצטער בילד, פיל שרעק־לעכער פונעם גיהנום. אין וועלכער ריכטונג איך האָב געקוקט, האָב איך גע־זען מאָרד־מאַשינעס, אטאָם און הידראָגען־דערפינדונגען. מען האָט מיר דער־קלערט אז דאָס איז די לעצטע טעכניק פון דער ציוויליזאַציע. ווען איך האָב דאָס געזען איז מיר געוואָרן נישט גוט ביז חלשות, עס האָט אלץ אויף מיר גע־מאַכט א שרעקלעכן איינדרוק, פיל ערגער און גרויזאַמער ווי די צייטן פונעם מיטלאַלטער! — — —

דער מלאך־המות האָט אַ בייזן ברום געטאָן, א כאַפּ געטאָן זיין מעסער און אויסגעשריען:

— האַלט אייך שלעכטע מענטשן מיט אייער פינצטערער וועלט, איך בין מוחל צו זיין אין איר, כ׳וועל שוין ליבערשט אָנגיין ווייטער מיט מיין ארבעט, זיין וואָס איך בין געווען — דער מלאך־המות! — — —

און אָנשטעלנדיק אויף מיר שפּיזן־גליענדיקע אויגן, איז דער מלאך־המות נעלם געוואָרן.

---

# דער יחיד און דער כלל שלאָפן...

כידוע נעמט דאָס שלאָפן אוועק זייער פיל צייטביים מענטשן. אז מען זאָל זיך נעמען וועגן דעם מאַכן אַ חשבון, וועט זיך ארויסווייזן אז מען שלאָפט אַוועק דאָס גאַנצע לעבן. נעמט אָקאָרשט און גיט גוט אַ טראַכט אריין אין דעם דאָזיקן ענין און ציט פאַרזיכטיק אונטער א סך הכל. איר וועט שטוינען, איר וועט זיך וווּנדערן — ווען שלאָפט איר נישט?...

למשל, נאָך אייער לייכטער אָדער שווערער טאָג־אַרבעט ביינאַכט, שלאָפט איר זיך אוועק, ווער 6 שעה, ווער 8 שעה. ווער מער, ווער ווינציקער, און דאָס איז דאָך נאָר ביינאַכט.

פאַראַן מענטשן וואָס חוץ ביינאַכט האָבן אויך ליב כאַפּן אַ דרימל אין מיטן טאָג. אַמאָל האָבן יענע חשק זיך צולייגן פאַר אַ מאָלצייט, אמאָל נאָך אַ מאָלצייט, און אַמאָל פאַרוועלט זיך זיי גלאַט אזוי כאַפּן אַ שלאָף — און מען שלאָפט. צו דעם אַלעם זיינען נאָך פאַראַן מענטשן וואָס זיינען נאָך נישט צו־פרידן און כאַפּן אריין אַ ביסל שלאָף ביי יעדער געלעגנהייט און צו יעדער צייט.

למשל, עס זיינען פאַראַן פיל מענטשן וואָס מען רעדט צו זיי וועגן וויכ־טיקע ענינים, וועגן אָנגעווייטיקטע זאַכן, ווען מען בעט ביי זיי הילף, אַ באַ־

שטייערונג, איז אָדער יענע מאַכן זיך שלאָפן, אָדער זיי שלאָפן טאַקע איין אויף אַן אמת.

און אַז מען קומט צו אַ יידישן קאָנצערט, אַ יידישן רעפעראַט אָדער אַנדערע ענלעכע אימפּרעזעס, האָט מען די ריכטיקע געלעגנהייט גוט זיך אויסצושלאָפן...

דאָס קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן אַ טייל מענטשן וואָס קומען צו גאַסט, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט כאַפּן זיי אַ דרימל. און בפרט נאָך ווען יענע שפּילן נישט קיין קאָרטן, איז וואָס זשע זאָלן זיי טאָן אויב נישט שלאָפן.

ווען מען קומט צו זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען זעט מען יידן שלאָפן. מען מאַכט אגב א טומל, מען נעמט אָן רעזאָלוציעס, מען באַשטימט דאָס און דאָס, און ווייזן ווייזט זיך ארויס אז מען שלאָפט...

ווען מען בליקט אריין אין אונדזערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, סאָסייטיס, חברות, אָרגאַניזאַציעס וכדומה, זעט מען ווי אַלץ שלאָפט דאָרט. קוקט מען אריין אין דער מסחר־וועלט זעט מען ווי שלעפעריק ס'איז דאָרטן: סוחרים שטייען אין זייערע קראָמען — און שלאָפן.

אײדער מען קריגט היינטיקע צייטן א גמילת חסד קאָן מען זיך גוט אויס־שלאָפן. און אז מען גיט עמעצן אַ גמילת־חסד האָט מען שלאָפלאָזע נעכט, ווייל דער בעל חוב מאַכט זיך נישט וויסנדיק — ער שלאָפט!

פאַראַן מענטשן וואָס שלאָפן אין די קינאָס, אין די פּאַרקן, אין די וואַנעס, שלאָפן אין די טראַמווייען, באַנען, ביבליאָטעקן, מוזעאומס, און אז מען דער־ציילט זיי אַ וויץ שלעפערט עס זיי איין...

נישט נאָר אין געזעלשאַפטלעכן און אין פּריוואַטן לעבן שלאָפט מען, מען שלאָפט אויך אין דער גאָרער וועלט, אויף אין דער פּאָליטישער און דיפּלאָ־מאַטישער וועלט. מען שלאָפט אין דער „יונאָ", מען שלאָפט ביים רונדן־טיש, ביים גלייכן טיש — הכלל מען שלאָפט.

מען גיט הבטחות, מען זאָגט צו — און צום ענד שלאָפט מען...

# אויפֿן בית־עולם איז לעבעדיק...

וועו מען קומט ביי אונדז אין אַ געזעלשאַפֿט, אַ סאָסייטי אָדער אנדער פּלאַץ, באַגעגנט מען אַ פּוסטקייט. עס איז זייער אומעטיק. קנאַפּ מענטשן טרעפֿט מען. די שטימונג איז אַ מאָנאָטאָנע, אַ לאַנגווייליקע. אָפֿט איז נישטאָ מיט וועמען צו אויסריידן אַ וואָרט. כמעט דאָס זעלבע איז אין די הייזער, אויך דאָרטן איז דער אומעט גרויס. אַן אויסנאָם זיינען הייזער ווו מען שפּילט קאָרטן. דאָרטן איז שוין „הימלעכער", עולם איז פֿאַרטאָן אין הלכות־קאָרטן און מען רעדט לשון־הרע. שפּאַצירן שפּאַצירט מען נישט ביי אונדז. אלע האָבן אויטאָס — און מען פֿאָרט. פֿאַראַן אַזעלכע וואָס זיינען „אָפּגעפֿאָרענע", אָדער האָבן נישט געהאַט דאָס גליק ארויפֿצואַרבעטן זיך אויף אַן אייגענעם אויטאָ, זיצן זיי אין די שטיבער — און לאַנגווייליקן זיך.

די פּאַרקן ביי אונדז שטייען אויסגעפּוצטע אָבער פּוסטעוועז. אנדערע פֿוילן זיך אין זיי קומען און אנדערע האָבן פּשוט מורא נישט צו כאַפּן אַ קלאַפּ פֿון אַ כוליגאַן. אין די שיינע פּאַרקן איז מען שוין נישט איינמאָל באַפֿאַלן און באַרויבט מענטשן, איז דעריבער ריזיקאַליש אין זיי צו קומען. אמאָל האָט מען זיך געטראָפֿן מיט באַקענטע אין אַ פּאַרק. אין פּאַרק איז געווען דאָס אָרט ווו מען האָט געטראָפֿן יונגוואַרג, אַלטוואַרג, מיטליאָריקע מענטשן, לאַנדסלייט. דער ארום האָט געשמעקט, די פֿרישקייט און רו איז דאָ געווען לרוב, אָבער דאָס איז געווען א מאָל, אמאָל און נישט היינט.

אפֿילו אין די שוהלן איז אויך נישט דאָס וואָס איז געווען אמאָל. אז מען האָט געוואָלט זיך זען מיט באַקענטע, האָט מען זיך אריינגעכאַפּט אין אַ שוהל. מען האָט אריינגעכאַפּט א מנחה־מעריב, און בינו לבינו זיך דורכגעשמועסט מיט אַ לאַנדסמאַן. אָבער דאָס איז געווען אמאָל, אמאָל.

אין די אַלט־יידישע געגנטן איז אויך געווען היימלעכער ווי היינט. דאָרטן האָבן זיך געטראָפֿן „גרינע", מען האָט גערעדט וועגן דער אלטער היים, אויפֿגעפֿרישט פֿיל היימישע זכרונות, מען האָט גערעדט פּאָליטיק און וועגן אַנדערע ענינים. היינט זיינען די אַלטע יידישע געגנטן פֿארשוואונדן. יידן האָבן אויסגעוואַנדערט אין נייע געגנטן. יענע „גרינע" זיינען שוין היינט אויסגע־גרינטע, וווינען אין ווייטע געגנטן. מען רעדט שוין מער ניט וועגן דער אלטער היים... ס'איז אומעטיק, שטאַרק אומעטיק. יידן טרעפֿן זיך זעלטן, מען זעט זיך

זעלטן. א גליק וואָס מיר האָבן דאָ דריי טעג יום טוב אין יאָר — ראש השנה און יום כפור, — טרעפן זיך יידן אין די שוהלן. און אז דער אויבערשטער שיקט צו יידישע שמחות טרעפן זיך יידן ווידער.

דערפאַר אבער איז געוואָרן אַ גאַנצן יאָר דאָס איינציקע פּלאַץ ווו יידן טרעפן זיך — דער בית־עולם... יאָ, אויפן בית־עולם טרעפן זיך יידן. אויפן בית־עולם באגעגנט מען לאַנדסלייט, באקענטע, שכנים, קרובים. ס'איז גע־וואָרן דער בית־עולם דאָס אָרט ווו יידן טרעפן זיך...

ווען עס קומען די „וויק־ענדס", די זונטאָגס מיט די האָלידיי־טעג, איז אויפן בית־עולם לעבעדיק. פון באַלד אין דערפרי קומט מען זיך דאָ צוזאַמען, יונג און אַלט, מענער און ווייבער. מען קומט אראָפּ אין די פיינע אויטאָס, מען איז רייך געקליידט פּונקט ווי מען וואָלט דאָ געקומען אויף א שמחה.

אין די זונטאָג־ און האָלידיי־טעג איז לעבעדיק אויפן בית־עולם: מען שטעלט פרישע מצבות, מען גראָבט פרישע קברים, מען פירט דורך פרישע לוויות — אַלץ איז דאָ פריש. די מענטשנס פּנימער קוקן אויך אויס פרישער ווי אין די וואָכנדיקע טעג. אַפּנים אז אַ „פיונעראַל" אין אַ זונטאָג איז אַ פּלע־זשור...

אין מיטן וואָך אַ לוויה קומט פאַר פיל שטילער און אָרעמער ווי אין אַ זונטאָג־טאָג. ווינציקער מענטשן קומען באַגלייטן דעם בר־מינן. מען איז דאָך באַשעפטיקט, פארביזנעוועט, ווער האָט עס צייט? אָבער זונטאָג אָדער אַ האָלידיי־טאָג זוכן יידן אין די צייטונגען ווער ס'איז געשטאָרבן. מען האָט דאָך צייט. קומט מען אויפן בית־עולם, מען טרעפט זיך דאָ מיט באַקענטע, מיט פריינד, מיט לאַנדסלייט. די רעוורענדס זיינען ביזי מיט „פיונעראַלס", מען קוקט אויפן זייגער אז מער פון א האלבע שעה זאָל מען נישט פטרן פאַר אַ לוויה. עס וואַרטן דאָך אַנדערע מתים אין דער ריי...

אויפן בית־עולם טרעפט מען זיך מיט אלעמען. דאָ זעט מען דעם חזן, דעם גבאי, דעם רב פון שוהל, דעם קאָלעקטאָר — און נישט נאָר איינעם, מען טרעפט אמאָל דאָ א האלבן טוץ קאָלעקטאָרן. זיי ווייסן אז דאָ איז דאָס ריכטיקע אָרט ווו געפינען יידן און פון זיי צו איינמאַנען... אויפן בית־עולם ריידן זיך יידן אָפּ טרעפן פאַר א „גיים"... דאָ באגעגנט מען אויך דעם שדכן. עס טרעפט אויך, אז מען פירט אויס אַ שידוך אויפן גוטן אָרט... קלוגע שדכנים קומען אויפן בית־עולם נעמען „סטאָק" און פירן טאָקע דורך גליקלעכע שידוכים.

מען פאַרלאָזט דאָס בית־עולם ווען די זון שטייט שוין הויך. דאַן איילט זיך דער עולם אונטער, מען זיפצט א ביסל און מען באדויערט. מען ווינטש זיך טרעפן אויף שמחות און מען כאַפּט זיך אריין אין די פיינע מאָטאָרקאַרס און מען פאָרט אוועק וואָס גיכער און געשווינדער....

# נישט קיין אַבערגלייביקער

אין איינעם אַ טאָג האָט די געזעלשאַפט „וויסן און דערציאונג" באַקענט געמאַכט אַז דער באַקאַנטער שרייבער און רעדנער הענעך עלקין וועט האַלטן אַ פאָרלעזונג אויף דער טעמע: „אַבערגלויביקייט, איינגערעדטע קרענק, סגולות און קדחת". די פאָרלעזונג, האָט די געזעלשאַפט פאַרזיכערט, זאָגט צו זיין זייער אינטערעסאַנט.

מיט וואָכן און חדשים פריער האָט דער דערמאָנטער רעדנער גענומען זיך גרייטן צו דער פאָרלעזונג, אויסגעאַרבעט אַ ריי טעזיסן, איינגעחזרט זיי. יעדן טאָג געמאַכט פּראָבעס פאַר זיינע בני בית וואָס האָבן גענומען אַ גרויסן אינטערעס און אָנגעזאָגט אַלע משפחה־מיטגלידער, שכנים, לאַנדסלייט און באַקענטע וועגן דער געגרייטער פאָרלעזונג.

צו דער פאָרלעזונג האָט הענעך עלקין צוגעגרייט זיך מיט אַ פּאַק פּאַ־פּירן, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון היימישע ברייטע לאָקשן. אָט די לאָקשן־פּאַפּירלעך זיינען געווען געדיכט באַשריבן, און פון זיי האָט ער, דער רעדנער, פאָרגעלייענט פאַרן פאַרזאַמלטן עולם אין זאַל, וואָס מער פון אַ העלפט זיינען געווען אייגענע מענטשן, קרובים און פריינד.

די טעמע „אַבערגלויביקייט, איינגערעדטע קרענק, סגולות און קדחת" איז געווען אַן אַנציִענדע. דער עולם האָט פיל דערוואַרט צו הערן פון רעדנער. אויף דער בינע נעבן אַ טישל, וווּ עס איז געשטאַנען דער רעדנער, זיינען גע־זעסן צוויי געזונטע מענער וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שוץ־וואַך.

הענעך עלקין, אַ בלאַסער ווי אַ געבויגענער לולב, איז געשטאַנען און פאָרגעלייענט זיין רעפעראַט, אויפגעקלערט די שעדלעכקייט און שאָדן וואָס עס פאַרשאַפט דעם מענטשן ווען ער ווערט פאַרפאַלגט פון דער אַבערגלויבישקייט־מחלה, די אמונת הבל, וואָס האָט אַ גוואַלדיקע קראַפט זיך איינצובירגערן אין דער מענטשלעכער נשמה און פאַרביטערן און פאַרפינצטערן זיין לעבן.

דער רעדנער האָט אָנגעוויזן אויף פיל פאַלן פון נאַאיווע מענטשן, וואָס ווערן באַאיינפלוסט פון די אַליין זיך איינגערעדטע אַבערגלויבישע זאַבאָבאָנישע איינריידענישן וואָס זיי פאַרשאַפן יענע פיל זאָרגן, אומעטיקע שטימונגען, וואָס פייניקן זיי אויף טריט און שריט, טאָג טעגלעך, און די רעזולטאַטן זיינען גאָר נישט קיין פריילעכע.

— דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן, — האָט דער רעדנער מיט פּאַ־טאָס פאָרגעזעצט, — וועגן דער איינגערעדטער קרענק, וואָס פיל מענטשן האָבן צו איר אַ גרויסע שוואַכקייט, און מאַכט זיי טאַקע אין פיל פאַלן אויך קראַנק. נאָכדעם יאָגט מען זיך נאָך סגולות וואָס האָבן קיין באַטייט און ווירקונג און ברענגען מענטשלעכע קרבנות.

וועגן די אַלע דערמאָנטע און אנדערע טעזיסן האָט הענעך עלקין פיל און ברייט ארומגערעדט. ער האָט ארום זיי זיך געדרייט הין און צוריק, ארומגע־קרייזט ווי בינען ארום א בינשטאָק, ווידערהאָלט און איבערגעקייט אלעמאָל דאָס זעלבע, וואָס ער האָט צענדלינגער מאָל שוין געזאָגט.

דער רעדנער האָט גערעדט מיט פלאַם און פייער, האָט אויפן קול גענו־מען אויסלאַכן די זאַבאָבנישע איינריידענישן מיט וועלכע פיל זיינען רחמנא ליצלן אָנגעשטעקט. ער האָט גערעדט און די ווייזערס אויפן זייגער האָבן זיך גערוקט און ער האָט נישט געמערקט ווי דער עולם לאַנגווייליקט זיך. מאַנכע פון פובליקום האָבן גענומען זיך הייבן פון די ערטער און פאַרלאָזן דעם זאַל. אנדערע האָבן נישט געקאָנט זיין גראָב, זיינען זיי געבליבן זיצן אויף זייערע ערטער און געשמאַק געדרימלט . . .

ווער ווייס ווי לאַנג דער רעדנער וואָלט נאָך גערעדט, ווען נישט איניקע פון פובליקום, וואָס האָבן נישט געקאָנט מער דולדן און גענומען „באַלוינען“ אים מיט פוכלע אייער און טאָמאַטעס, וואָס זיינען געפלויגן אויף דער בינע, צום רעדנערס קאָפּ... דער רעדנער האָט געזוכט זיך צו באשיצן מיט זיינע לאָקשן־פּאַפּירן. ער האָט פאַרשטעלט דאָס פּנים און די אויגן און בעת מעשה האָט אים גענומען וואַרפן ווי אין קדחת. אויס סגולה צו באשיצן זיך פון דער אַטאַקע, איז ער געקראָכן אונטערן טיש... באלד האָט עמעצער אים גראַטעוועט און דורך אַ זייטיקער טיר ארויסגעפירט פון זאַל . . .

* * *

נאָכדעם ווי דער רעדנער הענעך עלקין האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און א ביסל צו זיך געקומען, האָט ער צו זיין באגלייטער קוים ארויסגעשטאַמלט :

— יאָ, איך האָב פאָרויסגעפילט אז כ׳וועל האָבן אַ מפּלה, אַ דורכפאַל מיט מיין פאָרלעזונג, ווייל גייענדיק צום זאַל איז מיר אויפן וועג דורכגע־לאָפן אַ שוואַרצע קאַץ . . .

# „מאָדערנע“ פרויען

אין דער אלטער היים האָבן פרויען פארמעגט זייערע חנ׳ען און מידות, וואָס א פרוי אין אפריקע אפנים וועט עס קיינמאָל פארמאָגן.

אין דער אלטער היים האָט אַ פרוי בלב ונפש אָפּגעגעבן זיך מיט דער הויז־ווירטשאַפט — געקאָכט, געבאקן, געבראָטן, געוואשן, איז געווען א בריה צו אלצדינג און געהאט קינדער און זיך אָפּגעגעבן מיט זייער דערציאונג.

אין אפריקע זיינען די פרויען גרויס ביי זיך, גיבן זיך נישט אָפּ מיט אָט די „קלייניקייטן“. פאראן אפילו פרויען וואָס פוילן זיך האָבן קינדער. זיי לאָזן דאָס פאר אַנדערע און זיי קאָנען אויסקומען אָן זיי. אויב אונדזערע מאָדערנע ווייבלעך טוען א טובה און באוויליקן האָבן קינדער, איז הימל עפן זיך! גאנצע ניין חדשים גייט אָן א סדרה פון דאָקטוירים, ספעשיאליסטן, קראַנקן־שוועסטער, נוירסינג־האָומס, קאָנוואלעסינג־האָומס און אנדערע אַנשיקעניישן.

פיל פון אונדז געדענקען דאָך די אלטע היים. אַ פרוי האָט געוווסט אז זי דארף יעדן יאָר געבוירן א קינד. און עס האָט אויך פּאַסירט נאָך פריער פון אַ יאָר. מען האָט קיין „פּאַס“ נישט געמאַכט דערפון און מען איז צו קיין דאָק־טוירים נישט געגאַנגען און פון קיין ספעשיאליסטן האָט מען נישט געוווסט, און קיין נוירסינג־האָומס מיט קיין נוירסעס האָט מען נישט באַדאַרפט און עס איז אַלץ געווען כשורה.

אז א פרוי האָט זיך געשפּירט אין די הויכע חדשים נישט באקוועם איז געוונוג געווען אריינצורופן די שכנה חיה־דוואָשע, וואָס האָט זיך אויסגעטויגט „אויף די זאַכן“, און איינס און צוויי האָט זי אָפּגענומען דאָס ניי־געבוירן נפשל, דערלאַנגט עס א פעטשל אויפן „גוטן אָרט“, אז דער יונגער צוציק מיטן פּיסקל זיינעם האָט גענומען אויסקוויטשען און אָנזאָגן אז ער איז מיט מזל געקומען אויף גאָטס וועלט... די קינדער אין דער אלטער היים האָט מען נישט געדארפט אוועקגעבן צו קאפערטעס אז זיי זאָלן דערציען און אויפברענ־גען זיי. דער שווארצער טייוול ווייסט פארוואָס אין אפריקע מוזן נאָר שווארצע דערציען ווייסע קינדער. אין דער אלטער היים האָט א מאַמע געוווסט אליין האָ־דעווען אירע קינדער, און עס איז, אָן עין הרע, געווען געווג פיקערס צו געבן עסן.

אין אפריקע, ווען א פרוי ווערט מיט מזל א מאַמע, מוז זי גלייך האָבן 2—3 שוואַרצע באַדינער. די שוואַרצע באַדינער האָדעווען און דערציען דאָס ווייסע קינד, גיבן זיך דערמיט אָפּ טעג און נעכט. די מאַמעס, נעבעך, האָבן דאָך נישט קיין „פּעישנס", זיינען תמיד ביזי, שטאַרק באַשעפטיקט מיט קאָרטן, טע־ניס, טיי־פּאַרטיעס, אַפטערנונס — און מיט לשון הרע. און אז אויב די שוואַרצע זיינען פעאיק זיין די מאַמעס, די דערציער פון די ווייסע קינדער, נו, זיינען זיי אויך פעאיק צו זיין די בעלי־הביתטעס אויף פירן די הויז־ווירטשאַפט. אויב אין א הויז איז נישטאָ א נעגער־גערל, טוט מען זיך אַן עצה קומט מען אויס מיט א נעגער־באָי: נישקשה א נעגער־באָי איז אויך פעאיק צו וואַשן ווינדע־לעך, אויפפּאַסן אויף די קינדער און אויסקאָכן א גוטן „פּודינג" פאר זיינע בעלי־הבתים.

א הויז אין אפריקע איז אויך נישט ווי אין דער אלטער היים. א הויז אין אפריקע איז פארזען מיט פיל עלעקטרישע און מעכאַנישע באקוועמלעכקייטן: באלייכטונג, וואַסער־לייטונג, עלעקטרישן אויוון, עלעקטרישע קיך, גאַז, באַדע־צימער, שפּריץ־צימער און פיל אַנדערע עלעקטרישע מכשירים וואָס אין דער אַלטער היים האָט מען פון זיי גאָרנישט געוווסט. יעדעס הויז דאָ שטעלט מיט זיך פאָר ממש א גאנצע פאַבריק. מען האָט מאַשינעס צו וואַשן וועש, מאשינעס צו קאָכן, מאַשינעס צו קאַלט מאַכן, מאַשינעס צו הייס מאכן, מאַשינעס צו בראָטן אינדיקעס, מאַשינעס צו לופטערן דאָס הויז, מאַשינעס צו רוימען, צו פּוצן די די דילן, מאשינעס צו מאָלן פלייש, מישן מעל, מאשינעס צו פּאָרן. און אז די בעל־הביתטע האָט נישט קיין צייט קאָכן, — און פון וואַנען זאָל זי טאַקע האָבן צייט? — א חוץ וואָס זי איז יום ולילה פאַרנומען מיט קאָרטן, מיט לשון־הרע און אנדערע אזעלכע ענינים, דאַרפט איר וויסן, אז זי האָט נאָך צו טאָן אויך „שאָפּינג": זי מוז דאָך זען וואָס אין די שוי־פענצטער געפינט זיך? און צו די „הערדרעסערס" מוז זי אויך קומען 2—3 מאָל אין וואָך צו מאַכן איר פריזור — איז פון וואַנען זאָל אזא פרוי האָבן צייט קאָכן? — איז גאָט צו דאַנקען פאַ־ראַן אזא מאַשין אין וועלכן מען לייגט אריין אלע שאר־ירקותן, דאָס פלייש מיט הכל בכל — און אין געציילטע מינוטן איז אַלץ אויסגעקאָכט, וואָס מען קאָן דאָס אין מויל נישט נעמען...

עס גיבן אויך אזוינע פרויען ביי אונדז וואָס גרייטן גאָרנישט קיין מאָל־צייטן. ווען דער מאַן קומט אהיים פון זיין באַשעפטיקונג ראַט זיין פרוי אים מטריח צו זיין זיך אריינכאַפּן אין א רעסטאָראַן אָדער אין א קאַפע, וועט ער דאָרט וואָס עסן. איז דער מאַן דערצו זייער דזשענטלמעניש און נעמט מיט זיך זיין ווייבל. ער וועט דאָך איר נישט לאָזן אין דער היים „הונגערן"!...

# מיין ווייב געהערט צו די לייענקרייזן

...האָט מיך גאָט געבענטשט מיט א ווייב, וואָס איז נישט סתם אַ יידענע. זי איז פון גרויסן יחוס — דרייט זיך אויפן ליטעראַרישן קנאַפּל, איז שטאַרק ליטעראַריש. באָדט זיך אין קולטור ווי אַ גביר אין עשירות! זי קאָן גאַנצע שטיקער ליטעראַטור ווי א גוטער ייד תורה. זי קאָן פּרצן, שלום עליכם׳ן, מענדעלען און אנדערע בעסער ווי איר אייגענעם מאַן! לאָזט נישט ארויס פון מויל שלום אשן, לייוויקן, מלך ראַוויטשן און נאָך שרייבער — און מיט מיר, איר מאַן, האָט זי אפילו ניט קיין חשק ריידן דאָס נייטיקסטע!

מיך מיט די קינדער האָט דאָס ווייב מיינע גאָרנישט אין זינען. מיר ליגן איר אין קאָפּ ווי אַן אפּיקורס דאָס תפילין ליגן... אַ שיין פּנים האָבן מיר ביי איר! וואָס זאָג איך א שיין פּנים, מיר האָבן לחלוטין ביי איר קיין פּנים נישט! זי האָט קיין צייט און אינטערעס פאַר אונדז! זי איז דאָך א בר־דעתטע, א קולטורעלע, אַ פּראָגרעסיווע, באגאבט און באוווסטזיניק — אַ גאַנצע ליטעראַטקע געוואָרן. נאָר אסור אויב ס׳איז דאָ וואָס מיך מקנא צו זיין!

איר זאָלט נאָר אָנקוקן מיין ווייב. ווי א פרומער ייד איז פאַרנומען מיט עבודת־הבורא פּונקט אזוי איז זי פאַרנומען מיט קולטור — רק זי קולטורעוועט! אויסקאָכן א מאָלצייט דאָס האָט זי קיין צייט נישט! פּלוצלינג אויף דער עלטער האָט זי זיך גענומען שטודירן די שרייבער! ווער ווייסט אויב די שרייבער וועלן קאָנען לעבן ווען מיינע זאָל נישט שטודירן זיי... זי איז געוואָרן פּלוצלינג אַ סטודענטקע!... טעג און נעכט לייענט זי ביכער, פירט דיסקוסיעס, דיספּוטן. מען קאָן דאָך צו איר אַ וואָרט נישט אויסריידן, רק זי איז פאַרנומען מיט באַהאַנדלען די שרייבער! כ׳מוז זאָגן, אָן קאָמפּלימענטן, אז מיין ווייב באַהאַנדלט אַ שרייבער, איז בעסער ווי זי באהאנדלט מיך, איר אייגענעם מאַן!...

צו מיינע גליקן איז מיינע נאָך געוואָרן אַ פאַנאַטישע אָנהענגערין פון די לייען־קרייזן! יום־ולילה איז זי דאָרטן, האָט בלב ונפש אריינגעוואָרפן זיך אין דער ארבעט! איר דאַכט זיך אז אָן איר וועלן חלילה אונטערגיין די לייען־קרייזן! אָבער אז איך מיט די קינדער גייען אונטער דאָס אַרט איר נישט!

ווען כ׳קום אהיים געפין איך נישט מיין ווייב. ווו זי איז? — זי איז אוועק צו די לייען־קרייזן! — ביי מרס. האָץ קומט פאָר אַ צוזאַמענטרעף פון לייען־קרייז איז זי דאָרטן אַוועק! זי מוז נייטיק זיין דאָרט, אָן איר קאָן מען

גאָרנישט אויסקומען! זי איז די טאָן־געבערין, די וועגוויזערין, די פאַרלייענע־רין, די אויסטייטשערין, ווער ווייסט וואָס זי איז?...

און ווי איר ווייסט קומען די לייען־קרייזן זיך צוזאַמען, ברוך השם, גאָר אָפט! וואָס דען האָבן ווייבער צו טאָן? קומט מען זיך צוזאַמען! —היינט ביי מרס. טרייטל, מאָרגן — ביי מרס. צייטל, איבערמאָרגן ביי אַן אַנדערע, — און אַזוי אָן אַ סוף! יעדע יידענע ווערט א רעדנערין, א פאַרלייענערין. אז זי וויל מאַכט זי פון אַ שרייבער אַ מלאך און אז זי וויל מאַכט זי אַ גלח...

איינמאָל רוף איך זיך אָפּ צו מיינער: וואָס גייט עס דיר אין לעבן וועלכער שרייבער עס טויג און וועלכער עס טויג נישט! צו וואָס דאַרפסטו דאָס? העלפסט מיך מיט דעם צו דער פּרנסה? ווערסטו פון דיינע לייען־קרייזן האָבן צושטייער צום דירה־געלט? פאָלג מיך און לאָז דאָס אויס! — אַן אָנשי־קעניש לייען־קרייזן! ס'איז אזוי קיין לעבן נישט, עס מוז נעמען א סוף! אָדער איך אָדער די לייען־קרייזן!

נו, וואָס מיינט איר האָט מיינע מיר געענטפערט? — די לייען־קרייזן! אָן מיר קאָן זי אויסקומען אָבער נישט אָן די לייען־קרייזן! האָט איר געהערט אַ העזה פון א יידענע? איר אַרט נישט וואָס איך ווער אויסגעריסן, אַקער מיטן נאָז פאַר פּרנסה, איר איז טייערער די לייען־קרייזן!

האָב איך זיך איידל אָפּגערופן צו מיינער: נאָכוואָס זאָלסטו זיין אַ נאַ־רישע יידענע און אוועקגעבן צייט מיט געזונט פאַר די לייען־קרייזן, וואָס האָסטו דערפון? דו האָסט אַ היים, אַ מאַן, קינדער — פאַרגעס די לייען־קרייזן! שלאָג זיך דאָס ארויס פון קאָפּ. ס'איז נישט פאַר דיר, עס איז פאַר ליידיקגייער, פאַר פּוסט־און־פּאַסניצעס!...

האָט מיינע פאַר מיר אוועקגעלייגט אַ גאַנצן רעפּעראַט, אויפוויזנדיק אויב א פרוי געהערט נישט צו די לייען־קרייזן איז זי נישט ווערט וואָס זי דרייט זיך ארום אויף דער ערד. זי איז ווערט מען זאָל איר געבן עסן שטרוי! אזא פרוי איז אַ נאַרישע און פּוסטע באַשעפעניש, אַן אָפּגעשטאַנענע און פינצ־טערע פאַרזעעניש!

טענה איך צו מיינער, — ס'איז דאָך אָבער אַ רחמנות אויף די קינדער, וואָס זיינען נעבעך די קינדער שולדיק, אז דו האָסט זיך אריינגעשלאָגן אין קאָפּ לייען־קרייזן?! פאָלג מיך, זאָג איך צו איר, פאַרגעס אין זיי. מען קאָן אויסקו־מען און לעבן אָן זיי!

ס'האָט ווייניק געהאָלפן מיין טענהן. זי האָט אויף מיר געקוקט ווי אויף עפּעס אַ פאַרזעעניש און נאָך מער גענומען גיין צו די לייען־קרייזן. טאָמער איז דאָס נישט גענוג געווען, האָט זי גענומען ברענגען די לייען־קרייזן אין שטוב אריין! אלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג האָב איך א פול הויז מיט ווייבער! נישט איינמאָל מיין איך אז כ'געפין זיך אין אַ דול־הויז!...

דערפֿאַר אָבער טיילט מיר מיינע צו דעם כבוד אַלעמען אָפּצופֿירן אהיים!... אַליין ווין איך אין גרינסייד, דאַרף איך אָפּפֿירן די ווייבער וועמען אין קענזינגטאָן, וועמען אין דאָרנפֿאָנטיין, אין אָרענדזש־גראָוו, אין יאָוויל און אין אַנדערע פֿאָרשטעט. אין אָנהייב איז דאָס מיר געגאַנגען אַ ביסל שווער. היינט אָבער גייט דאָס ביי מיר ווי געשמירט: אין אַ צוויי־דריי שעה האָב איך שוין אַלעמען אָפּגעפֿירט! אַז כ׳זאָל דאַרפֿן לייסנס אַלס טעקסי־דרייווער האָף איך דאָס לייכט צו באַקומען!...

נאָר דאָס זיינען אַלץ קלייניקייטן. ערגער איז ווען דער לייען־קרייז קומט זיך צוזאַמען שבת! איר ווייסט דאָך שבת בייטאָג איז מיין איינציקע צייט ווען כ׳האָב אַ מעגלעכקייט אויסצורוען זיך, — איז פּונקט דעמאָלט ווערט אין שטוב אַ טומל. איין יידענע וויל איבערשרייען די אַנדערע, און פֿאַרשטייט זיך אַז די אַנדערע ווייבערס מיילער ליגן אויך נישט אין קימפּעט!... ביי אַזאַ לאַגע איז דער ערשטער קרבן מיין שבתדיקער שלאָף — אויף וועלכן איך וואַרט אַ גאַנצע וואָך. שפּעטער, ווען די ווייבער טוט שוין גוט ווי אין די העלדזער, טוט מיך מיינע אַ רוף און מיט אַ זיס שטימעלע בעט זי מיך כ׳זאָל אָפּפֿירן די ווייבער!...

ווען איר זאָלט זען מיין פֿרוי בעת זי נעמט זיך גרייטן ווען דער לייען־קרייז דאַרף זיך צוזאַמענקומען ביי אונדז! איר זאָלט עס זען ווי זי נעבעך אַרבעט עס! אַ חוץ איבערשטעלן דאָס מעבל קאָכט זי און באַקט, גרייט אָן פֿון בעסטן ווי מיר וואָלטן זיך גרייטן פֿראַוועון אַ שמחה! און ערב דעם צוזאַמענ־קומען פֿון די ווייבער גייט מיינע אַרום אַ צעטראָגענע ווי אויף יענער וועלט!... זי איז אינגאַנצן אַ פֿאַרענדערטע, מען קאָן צו איר אַ וואָרט נישט אויסריידן! טרייבט מיך מיט די קינדער, זי וויל זיין אַליין! מורמלט און רעדט ווערטער ווי פֿון דער הפֿטרה! זי רעדט צו זיך און רעדט צו די ווענט!... אויך אין שלאָף רוט נישט איר מויל. פֿליסטערט: פּרץ, שלום עליכם, רייזען, — פּלאַפּלט נאָר וועגן שרייבער און ביכער!

כ׳האָב זיך, איינמאָל, אין מיטן דער נאַכט איבערגעשראָקן! וואָס איז געשען? — גאָרנישט! איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אין מיטן שלאָף הער איך מיינע ריידן מאָדנע רייד! מיר האָט זיך געדאַכט אַז מיינע זאָל האָבן זיך גע־קריגט מיט שלום אַש אָדער מיט אַן אַנדער שרייבער! נישט פֿאַרשטענדלעכע ווערטער האָט זי געפֿליסטערט וואָס האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפֿן גרויסע אימה!...

אויב דאָס איז ווינציק, איז זי אַרונטער פֿון בעט און אַריין אין צווייטן צימער... איך האָב זיך שטאַרק איבערגעשראָקן און טעלעפֿאָנירט נאָך אַ דאָק־טאָר!... וואָס מיינט איר האָט פּאַסירט ווען דער דאָקטאָר איז געקומען? — גאָרנישט! מיין ווייב איז אין בעט נישט געגאַנגען, האָט נישט געוואָלט הערן דערפֿון. האָט זיך אַוועקגעזעצט איבער אַ פּאַק מיט ביכער און געמישט, גע־

נישטערט, ווי זי וואָלט האָבן אין זיי פאַרלוירן אַן אוצר!... האָט ארויסגענו־מען שורות, פאַרצייכנט זיי און גאָרנישט ווי מיט איר קול האָט זי זיי איבער־געחזרט אפשר אַ זיבעציק מאָל!...

איר קאָנט אייך לייכט פאָרשטעלן דאָס בילד פון יענער נאַכט. איך בין געשטאַנען צעטומלט און ס'האָט מיך געוואָרפן ווי כ'וואָלט געהאַט די קדחת־מחלה!... און דער דאָקטאָר, נעבעך, ער איז אינגאַנצן געווען צעטומלט! פון גרויסער שרעק האָט ער נישט געקאָנט ארויסריידן א וואָרט! ווען ער איז א ביסל צו זיך געקומען האָט ער זיך אָפּגערופן צו מיר אז אים געפעלט נישט מיין יידענע, ס'איז נישט אין אָרדענונג מיט איר! כ'זאָל זיך נישט פאַרלאָזן אויף אים און איך זאָל רופן אַ צווייטן דאָקטאָר, א ספּעשיאַליסט, אַ פּסיכיאַטאָר! ער האָט מורא אַז מיינע האָט יענע קרענק!

יענע נאַכט וועל איך גוט געדענקען. אָבער גאָט צו־דאַנקען כ'בין אָפּגע־קומען בלויז מיט שרעק. ס'איז מיין ווייב חלילה גאָרנישט. זי איז געזונט מיט אלע חושים! ס'איז געווען א רעזולטאַט פון די לייען־קרייזן! מיינט איר אוודאי אז מיינע האָט זיי שוין אויפגעגעבן, מאַכט איר אַ טעות! גאָר פאַר־קערט. זי האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס קולטורעווען און גאַנצע טעג און נעכט רעדט זי פאַר זיך אליין אומפאַרשטענדלעכע רייד וואָס וואַרפן אויף מיר אַן גרויס פּחד! אָבער כ'האָב זיך שוין צו ביסלעך צוגעוווינט צו דעם!

ווי זאָגט מען עס, מען זאָל נישט געפּרוווט ווערן, צו וואָס מען קאָן געוווינט ווערן! יאָ, פון דעסטוועגן וויל איך אייך פאַרטרויען א סוד, למען־השם גיט דאָס נישט איבער מיין ווייב! כ'וויל אייך זאָגן אז ס'איז נאָך נישט אזוי שלעכט מיט די לייען־קרייזן! וואָס אַ שטייגער וואָלט איך טאָן ווען מיינע לאָזט זיך אוועק ווי אַנדערע ווייבער — צום קאָרטן־טישל?!...

שוין בעסער די לייען־קרייזן ווי די קאָרטן־קרייזן!...

---

# נישט אָפּלייגן

אַ באַקענטער ייד האָט געעצהט מיר קיין זאַך נישט אָפּצולייגן אויף שפּעטער, אויף אַן אנדער מאָל. אלץ וואָס כ'האָב בדעה צו טאָן זאָל איך טאָן נישט אָפּגעלייגט.

למשל, האָט יענער צו מיר געזאָגט, אז איר קומט אין אַ געזעלשאַפט און איר זעט איר וועט זיך נודזיען דאָרטן, איר פילט איר וועט איינשלאָפן, זאָלט איר נישט אָפּלייגן — און גיין אהיים שלאָפן...

דאָס זעלבע, האָט דער ייִד דערקלערט, איז אויך גורם ליטעראַרישע לעקציעס, קאָנצערטן, בענעפיט־אָוונטן, לעבעדיקע צייטונגען און אַמאַטאָרישן טעאַטער. ווען איר זעט אַז אייך דראָט לייכט איינצושלאָפן דאָרט, זאָלט איר נישט אָפּלייגן נאָר טאַקע גלייך איינשלאָפן...

אויף אַזעלכע אָוונטן וועט איר נישט זיין דער איינציקער שלאָפער. עס וועלן ברוך השם זיין געגנוג ייִדן וואָס וועלן מיטהאַלטן אין אייער געזעלשאַפט — און אויך שלאָפן. די צרה איז וואָס אַנדערע האָבן אַ טבע צו שנאָרכן און כראָפּען און וועקן אַנדערע אויף. ווען איר וועקט זיך אויף לייגט נישט אָפּ און מאַכט אַ ויברח...

אויב איר האַלט ביים פאַרליבן זיך זאָלט איר נישט איבעריק טראַכטן און נישט אָפּלייגן. עס קאָן ווערן שפּעט. מיטן אָפּלייגן אייער ליבע, בינו לבינו קאָן פּאַסירן אַז איר זאָלט דערוווייל חתונה האָבן...

~~ווען איר האָט חשק נעמען אַ גמילת חסד פון אַ פריינד, אַ לאַנדסמאַן~~ געדאַנק, אַ שטייגער גטן זיך מיט אייער ווייבל, דאָ מוזט איר האָבן גוט אין זינען און נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווייל מיטן אָפּלייגן קאָן אַמאָל זיין צו שפּעט...

ווען איר האָט חשק נעמען אַ גמילות חסד פון אַ פריינד, אַ לאַנדסמאַן בעת יענער באַוויליגט געבן, זאָלט איר אַ מינוט נישט טראַכטן און נעמען, נישט אָפּלייגן דאָס, ווייל שפּעטער קאָן יענער האָבן חרטה — און נישט געבן...

ווען איר ווערט פאַרבעטן צו־גאַסט און מען דערלאַנגט אייך כיבוד, זאָלט איר לאַנג נישט טראַכטן, אוועקזעצן זיך און צובייסן און זייט נישט קיין דזשענטלמען. אויב איר וועט זיך לאַנג ישובן וועלן אַנדערע אייך לאָזן זיצן אַ הונגעריקער ביי אַן אָפּגעליידיקטן טיש...

~~ווען איר האַלט ביים גיין באַזוכן אַ קראַנקן, מבקר חולה זיין יענעם, זאָלט איר קיינמאָל נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווייל עס קאָן נאָך זיין שפּעט...~~

איר דאַרפט אויך וויסן ווען איר האַלט ביים באַזוכן אַ חולה, צו טאָן דאָס באַלד. עס קאָן פּאַסירן אַז דער קראַנקער זאָל געזונט ווערן און געזונטערהייט באַזוכט מען דאָך זעלטן איינער דעם צווייטן.

~~ווען למשל איר האַלט ביים שרייבן אַ צוואה, זאָלט איר דאָס טאָן גלייך, נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער. ווער ווייסט וואָס קאָן זיין שפּעטער.~~

~~אויב איר האָט בדעה באַגיין זעלבסטמאָרד, לייגט דאָס נישט אָפּ. ס'איז נישט געזונט אָפּצולייגן. ס'האָט שוין געטראָפן אַז מענטשן וואָס האָבן געהאַט בדעה באַגיין זעלבסטמאָרד און האָבן עס אָפּגעלייגט און האָבן שפּעטער חרטה געקראָגן...~~

ווען אַ שרייבער וויל עפּעס אָנשרייבן זאָל ער דאָס נישט אָפּלייגן אויף

שפּעטער. עס קאָן טרעפֿן אַז דאָס וואָס ער האָט געהאַט אין געדאַנק צו שרייבן, קאָן אַ צווייטער אָנשרייבן, און טאַקע אויך אַמאָל באַקומען באַצאָלט דערפֿאַר...

אָבער ווען מען דאַרף צאָלן אַ חוב, דאַרף מען זיך נישט יאָגן און אָפּ־לייגן דאָס צאָלן אויף שפּעטער.

אויך ווען אַ לייענער טרעפֿט אָן אַזעלכע אַרטיקלען, אַ שטייגער ווי אייערע, — האָט דער ייִד אויסגעפֿירט, — איז געוווּנטשן נישט יאָגן זיך צו לייענען זיי און זיי אָוועקלייגן אויף אַן אַנדער מאָל, אויף שפּעטער. מען וועט זיי קיינער נישט אויסכאַפּן...

# אַ בירגער

מיר האָט זיך אַמאָל פֿאַרוואָלט ווערן אַ בירגער. האָב איך דערפֿאַר אָנ־געגעבן אַ בקשה, צוגעגרייט אַלע מיינע דאָקומענטן, און אין איינעם אַ גליקלעכן טאָג האָט מען מיך אַרויסגערופֿן אָפּהאַלטן אַן עקזאַמען — שרייבן און לייענען ענגליש. איך בין אַוועק אין רעגירונג־ביוראָ אָפּגעבן מיין עקזאַמען. הענט און פֿיס האָבן מיר געוואָרפֿן, ווייל קיין גרויסער מומחה אויף די זאַכן בין איך קיינמאָל נישט געווען און בין דאָס היינט אויך נישט...

אין יענער רעגירונג־ביוראָ, וווּ מען האָט געדאַרפֿט ביילייגן דעם עקזאַ־מען אויף צו ווערן אַ בירגער, האָבן זיך געפֿונען צו מיר נאָך אפֿשר אַ מנין מענער. דאָ זיינען געווען מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, צווישן זיי האָבן זיך אויך געפֿונען עטלעכע ייִדן. נאָענט צו מיר האָט טאַקע זיך אַוועק־געזעצט איינער אַ ייִד. ער איז געווען זייער גוט געקליידט, אַן עלטערער און פֿון מיטעלן וווּקס, געראַוויכערט אַ גראָבן האַוואַנאַ־סיגאַר און געלאָזט גאַווהדיק גאַנצע זיילן רויך.

באַלד איז אַריינגעקומען אַ רעגירונג־מאַן. דאָס איז געווען דער וואָס האָט אָנגעפֿירט מיטן עקזאַמען. ער איז געווען אַ הויכער מאַן מיט אַ לאַנגן אָפּ־געצויגענעם פּנים און שטרענגען בליק. יענער האָט גענישטערט אין אַ פּאַק פּאַפּירן, האָט אויסגעפֿרעגט די נעמען פֿון יעדן. אויסגעלייגט פֿאַר איטלעכן אויף די טישן גרויסע בויגנס פּאַפּיר צום שרייבן און פֿאַרגעלייענט עפּעס און אַלעמען פֿאַראָרדענט שרייבן.

דער ייִד וואָס איז געזעסן נאָענט צו מיר האָט רחבותדיק אַרויסגענומען פֿון זיין וועסטל־קעשענע אַ פֿיינע גאָלדענע פּיל־פֿעדער, האָט זיך פֿאַרבאַרייט צום שרייבן. ער האָט אָבער נישט גערירט זיך פֿון אָרט, נישט אָנגעשריבן

אַ וואָרט... דער אדון האָט פאַרגעלייענט און באמערקט אז דער ייד נעבן מיר שרייבט נישט, האָט ער אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט:

— וואָס וואַרט איר? שרייבט, פּליז!

— אַמסאָרי, סיר, — האָט דער ייד געשטאַמלט, — איך, איך קאָן נישט שרייבן!...

— הם, האָט זיך געחידושט דער באַאַמטער, — וואָס מיינט איר קאָנט נישט שרייבן? איר זייט געקומען צום עקזאַמען, מוזט איר שרייבן! איר מוזט קאָנען שרייבן, אזוי זאָגט דאָס געזעץ! אַנו, פּרוווט שרייבן, שרייבט אַ ביסל! האָט מיט מיטגעפיל זיך געבעטן דער באַאַמטער ביים יידן. דער ייד האָט זיך גאָרנישט פאַרלוירן און אין אַ רואיקן טאָן געענטפערט:

— נאָ, מיסטער, איך קאָן גאָרנישט, איך שרייב נישט. בלויז דעם נאָמען צייכענען קאָן איך...

דער באַאַמטער האָט אַ שמייכל געטאָן און אָפּגעלאָזט דעם ייד.

שפּעטער, ווען עס איז געקומען צום פאַרהערן דאָס לייענען, האָט דער באַאַמטער אלעמען אנטקעגן געטראָגן אַ בוך און אָנגעוויזן וואָס צו לייענען. ווען ער איז צוגעקומען צום ייד, האָט ער געלאָזן ארויסגענומען פון טאַש פיינע ברילן מיט גאָלדענע רעמלעך, אויסגעווישט זיי מיט אַ ווייס טיכל, געלאָזן זיי ארויפגערוקט אויף דער נאָז — און דערזעענדיק פאר זיך דאָס בוך, האָט ער רואיק געענטפערט, אז... ער לייענט נישט.

דער באַאַמטער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פאר א קאַנדידאַט אויף בירגערשאַפט דאָס איז: נישט ער לייענט, נישט ער שרייבט, איז צוליב וואָס איז ער דאָ געקומען. ער האָט א ביסל מיט פארדרוס געפרעגט דעם יידן:

— ווייסט איר, אז צו ווערן בירגער מוז מען קאָנען לייענען און שרייבן?

— יאָ, איך ווייס דאָס! — האָט דער ייד געענטפערט, — אָבער עס זיינען נאָך פאַראַן גענוג בירגער וואָס קאָנען אויך נישט שרייבן און לייענען, און דאָך זיינען זיי בירגער!

— מעגלעך אז עס זיינען פאַראַן אזעלכע, אָבער דאָס האָט קיין שייכות נישט צו אייער ענין, — האָט דער באאמטער געענטפערט און איז אוועק.

* * *

נאָכדעם ווי מיר זיינען ארויס פון עקזאַמינירֿצימער האָב איך דעם יידן געפרעגט וואָס זאָל באַדייטן זיין האַנדלונג. פאַרוואָס האָט ער נישט געשריבן, נישט געלייענט? האָט דער ייד אויף מיר אַ שאַרפן קוק געטאָן און מיט א שמייכל געענטפערט:

— דאַרף דען אדון וויסן אז איך קאָן נישט שרייבן און לייענען?

— סטייטש, איר האָט דאָך אים געזאָגט אז איר קאָנט נישט!

— יאָ, אמת טאַקע, איך האָב געזאָגט אז איך קאָן נישט שרייבן, אָבער מען גלויבט דאָך קיינמאָל נישט א יידן... וועט ער אוודאי מיינען אז איך קאָן יאָ!... ערגער וואָלט געווען ווען כ׳וואָלט געשריבן. כ׳וואָלט דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן! דאָס איז נישט געווען קיין עקזאַמען פאר אזא יידן ווי איך. אזא עקזאַמען גיט מען אָפּ אין די אוניווערסיטעטן, קאָלעדזשעס — און ווי קום איך, אזא פשוטער בשר ודם, צו אזעלכע זאַכן? — נו, איז בעסער אז איך האָב געשוויגן — נישט געלייענט און נישט געשריבן! — — —

אינטערעסאנט אז מיט יאָרן,יאָרן שפּעטער האָב איך גראָד באגעגנט דעם ייד, האָט ער מיך אָפּגעהאלטן און צו מיר געזאָגט: גיט מיר אָפּ מזל טוב — כ׳בין געוואָרן א בירגער! ס׳איז מיר נישט לייכט אָנגעקומען: כ׳האָב דערויף געוואַרט אפשר פערציק יאָר!...

---

# דער „מיליאָנער״

צו ווערן אַ מיליאָנער איז כידוע נישט פון די לייכטע זאַכן. נישט יעדער איז דערצו זוכה. מען יאָגט זיך א גאנצן לעבן צו ווערן א מיליאָנער — און מען ווערט דאָס נישט.

מען קאָן פארמאָגן גאָלד, דימאַנטן, רייכטום און דאָך נישט זיין קיין מיליאָנער. כדי צו זיין א מיליאָנער דארף מען האָבן מיליאָנען.

ביז מען דערקייקלט זיך צו דער מדרגה פון אַ מיליאָנער, גייט מען פיל דורך — מען פאַקט און מען מאַזלט. עס נעמט א סך יאָרן ביז מען ארבעט זיך ארויף אויף א מיליאָנער. ביי אנדערע נעמט עס א לעבן און ביי אנדערע נעמט דאָס נאָך לענגער.

אונדזער גאָלדענע שטאָט יאָהאַנעסבורג — די שטאָט וואָס איז אויסגע־וואַקסן אויף גאָלד — איז ביז לעצטנס געווען אָרעם, ווייט פון אַ מיליאָנער.

ערשט איצט, אויף דער עלטער, אויפן 70־טן יאָר, איז געקומען די פרייד־דיקע בשורה אז יאָהאַנעסבורג איז מיט מזל געוואָרן אַ מיליאָנער. עס האָט יאָ־האַנעסבורג זיך ארויפגעאַרבעט און פארמאָגט א קיילעכדיקן מיליאָן!

האָט יאָהאַנעסבורג מיט שטאָלץ און גאווה געגומען פאררייסן דעם קאָפּ צו אירע אויסגעוואַקסענע וואָלקן־קראַצערס, זיך גענומען גרויסן מיט איר דערגרייכונג, מיט איר פארמעגן — מיט איר מיליאָן.

ס׳איז יאָהאַנעסבורג געוואָרן מיט גרויסע שטעט גלייך, זיך דערשלאָגן צו ווערן א מיליאָנער.

וועו מען זאָל וועלן מאַכן אַ חשבון וואָס יאָהאַנעסבורג פאַרמאָגט, וויפל עשירות, וואָלקן־קראַצערס און אנדערע פארמעגנס זי האָט, וועט זי ווייט אריבערשטייגן פון זיין אַ מיליאָנער, וועט זי מיט זיך פאָרשטעלן אַ מיליאַרדער — און אפשר נאָך גרעסער.

דאָ אָבער רעכענען זיך נישט די ניט־באַוועגלעכע רייכטימער. דער חשבון איז גאָר אן אנדערער. דאָ רעדט זיך וועגן דעם מיליאָן נפשות וואָס יאָהאַנעסבורג פאַרמעגט, אַ דאַנק וועלכן זי איז געוואָרן אַ מיליאָנער. און זי איז דאָס איצט מיט מזל געוואָרן.

לויט די לעצטע סטאַטיסטישע ציפערן ווייזט זיך ארויס, אז די יאָהאַנעס־בורגער באפעלקערונג איז געשטיגן מיט א שטיקל פון אריבער א מיליאָן נפשות. נו, גרויסט זיך דערמיט יאָהאַנעסבורג. איין קלייניקייט — זיין א מיל־יאָנער, זיין מיט מיליאָנערן גלייך!

אויף דער ליסטע פון די גרויסע שטעט איז איצט אויך ארויפגעשטעלט געוואָרן — יאָהאַנעסבורג. זי האָט דערויף געוואַרט זיבעציק יאָר, און זי האָט זיך דאָס כשר פאַרדינט. דער ציפער ווייזט: — 1,030,200.

לויט ווי מען דערוויסט זיך איצט האָט יאָהאַנעסבורג נאָך מיט א יאָר צוריק שוין פארמאָגט דעם דאָזיקן מיליאָן. זי האָט עס הפּנים מורא געהאַט אויסצוזאָגן פאַר אן עין הרע... אָבער איצט ווייסט מען עס שוין, עס איז שוין מער קיין סוד נישט. פּונקט ווי מיט אָרעמקייט, אזוי אויך מיט רייכטום קאָן מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן.

און איצט, אז מען זאָל נאָך וועלן צורעכענען די מיליאָנען בייטיווס וואָס וווינען דאָ וועט די ציפער ווייט שטייגן. עס וועט זיך ארויסווייזן אז יאָהאַנעס־בורג איז באלד ביים געבורט אירן שוין געוועזן אַ מיליאָנער. הפּנים אז יענע מיליאָנען פרייען ווינציק...

---

# די אַטאָם־באָמבע

דערציילט זיך ערגעץ אז איינער האָט גענומען אַ פּעקל שמאַטעס און זיי איינגעפּאַקט אין א ברוינעם פּאַפּיר און ארויפגעשפּיליעט דערויף א שרייענ־דיקע אויפשריפט: „פּאָרזיכטיק, די אַטאָם־באָמבע!“

און מיט אָט דער „באָמבע“ איז ער ארומגעגאַנגען אומעטום און האָט אַ סך נוצן געהאַט. איז ער אריינגעקומען אין א געשעפט איז וואָס אים איז געפעלן געוואָרן האָט ער זיך איינגעהאנדלט בחצי חינם. אז דער קרעמער האָט

געכאַפּט אַ בליק אויפן פּעקעלע איז אים איינגעפאַלן דאָס האַרץ און ער האָט נאָכגעגעבן און איינגעשטימט אויף אַלץ. און אויב מען האָט יענעם נישט נאָכגעגעבן, האָט ער אַ ווייז געטאָן מיטן גראָבן פינגער אויף דער אַטאָם־באָמבע און האָט אַ זאָג געטאָן:

— אויב איר גיט מיר נישט זייט וויסן, אַז איך קאָן ארונטערלאָזן דאָס פּעקעלע און עס זאָל אוועקפליען די שטאָט מיט אייער קראָם צוזאַמען!

פאַרשטייט זיך אַז מען האָט נישט דערלאָזט, אַז די שטאָט מיט דער קראָם זאָלן אוועקפליען, און מען האָט יענעם נאָכגעגעבן.

אַ דאַנק דער באָמבעלע האָט יענער געלעבט אַ גוטן טאָג, איז געקומען אומעטום, גענאָסן פון כל טוב און אלע האָבן געציטערט. מען האָט נאָכגעגעבן, מען האָט אוועקגעגעבן, אבי עס זאָל נישט חרוב ווערן די שטאָט.

אויך אין אונדזער וועלטל קוקט עס אַנדערש נישט אויס. מען גיט נאָך, מען שטימט איין, אַבי דאָס וועלטל זאָל נישט חרוב ווערן.

דערווייל מאַכט מען רעפּעטיציעס מיט דער באָמבעלע, אלע מאָל אין אַן אַנדער עק וועלט. מען פּרובירט אויס, מען שרעקט דערמיט, און יעדעס מאָל וואָס מען באַווייזט זיך מיט אָט דער באָמבעלע פאַלט שיער נישט ארויס דאָס חיות.

אָבער אַזוי לאַנג ווי מען מאַכט נאָר רעפּעטיציעס איז נישט אַזוי שלעכט, לעבט מען נאָר איבער אַ ביסל שרעק, אַ ביסל אימה און האַרץ־קלאַפּעניש. אַזוי לאַנג ווי מען האַלט דאָס באָמבעלע פאַרוויקלט מיטן אויפשריפט: „פּאָר־זיכטיק" איז נאָך צו דערליידן, עס איז נישט געפערלעך און מען קאָן דאָס נאָך איבערלעבן. אַזוי לאַנג ווי מען סטראַשעט נאָר, וועט אונדז חלילה קיין בייז ניט געשען, וועט אונדז גאָר נישט שאַטן. זאָל מען סטראַשען!

אָבער די רעפּיטיציעס זיינען נישט אַזוי צום האַרצן, זיינען נישט אַזוי געזונט פאַר אונדז. פון די רעפּעטיציעס מיט דער באָמבעלע האָבן מיר הייס און קאַלט. ס'איז אין דער וועלט געוואָרן אַן איבערקערעניש: עס גייט אַלץ קאַ־פּויער — ס'איז אַטאָם־צייט.

זאָל זיין אַטאָם־צייט אײדער מיר זאָלן בלייבן אָן אַן אָטעם. זאָל מען נאָר האַלטן דאָס באָמבעלע פאַרפּאַקט, זאָל מען זיך דערמיט ארומטראָגן און סטראַשען די וועלט, אַזוי נאָך עטלעכע הונדערט יאָר...

שאַ, אפשר איז גאָר אַן אויסגעטראַכטע זאַך די גאַנצע מעשה מיט דער אַטאָם־באָמבע?

מענטשן זיינען שלעכט, מענטשן זיינען זינדיק, האָט זיי גאָט אריינגעגעבן אין די מוחות, אין די געדאַנקען זייערע די זאָרג פאַר אטאָם־באָמבעס!

מענטשן ווילן זיך שלאָגן, רויבן איינער פון צווייטן, שטייט אין מיטן דאָס

## הלוואי טאקע וואלט דאס אטאם־באמבעלע באר געווען אן אויסטראכ־

טעניש, אן אויסטראכטעניש לטובת דער וועלט און דער מענטשהייט.

אט טאקע וועגן אזא אויסטראכטעניש דארפן זיך פארטראכטן די דער־פינדער, די געלערנטע, די פראפעסארן און די אלע וואס האבן אויסגעטראכט און דערפונדן די אטאם־באמבע.

---

# יידן שלאגן זיך נישט

מיר יידן זיינען א שטיל און גוט פאלק. נישטא נאך אזא פאלק ווי מיר זיינען. יידן האבן דאך די גוטע מעלה: זיי זיינען נישט קיין שלעגער, יידן שלאגן זיך נישט. אויב יידן שלאגן זיך אמאל — שלאגן זיי זיך בלויז מיט דער אייגענער דעה... זעלטן מען זאל זען יידן זיך שלאגן, מאכן אן אנפאל. מען ווייסט אז יידן שלאגן כפרות, שלאגן הושענות, אבער ווייטער גייט עס נישט. אזעלכע שלעגער זיינען יידן, און אז עס טרעפט א ייד הויבט אויף א האנט, איז דאס ווען ער שלאגט זיך על חטא...

יידן האלטן נישט פון שלאגן זיך. אז עס ווערט א יידן שווער אויפן געמיט שלאגט ער זיך מיט דער דעה ווי און וואס זאל ער טאן. אט אזעלכע שלעגער זיינען יידן. זייער שווער ביז א ייד שלאגט זיך דורך א וועג אין לעבן, שלאגט אויס די הוצאות, שלאגט פאר מסחרים, שלאגט פאר א שידוך.

א ייד איז בייגעריק צו וויסן וואס ביים צווייטן טוט זיך, וואס עס קאכט זיך אין יענעמס טעפל, צי מאן און ווייב לעבן בשלום, צי זיי שלאגן זיך חלילה וחס נישט... א ייד א נודניק וועט אפשלאגן די שוועל, וועט קומען אומגעבעטן, וועט דערציילן מעשיות וואס נישט געשטויגן און געפלויגן, וועט פארלייגן פון אים קויפן מציאות און באמיט זיך אויסצושלאגן פאר זיין צייט און טרחה.

אז א ייד איז שוין א רוצח שלאגט ער המנען. ער ווארט אפ א גאנצן יאר ביז אסתר תענית צו לייענען די מגילה, און, ווי א קאלטער גזלן, כאפט ער זיך שלאגן המנען. א ייד שלאגט אויך מלקות. אז א ייד האט געזינדיקט וועט ער נישט פארלייקענען און זאגן אז ער איז א צדיק, ער זאגט חטאתי און מען דארף אים שלאגן דערפאר מלקות...

אט אזעלכע שלעגער זיינען יידן.

עס טרעפט אז ביי יידן שלאגט די שעה, דער טאג, די מינוט. עס שלאגט א צאן אן א צאן פון פחד. א ייד שלאגט אן א מזוזה, אבער נאכן אנשלאגן

אַ מזוזה קוקט מען אויף אים קרום און מיט פאַרדאַכט אז ער איז אוודאי אַ הפקר־יונג...

אַ ייד שלאָגט זיך מיט דער מחשבה, מיט די געדאַנקען. ער שלאָגט פאַר יענעם גוטע עצות, געשעפטן — און אליין קאָן ער נעבעך נישט צו עפּעס זיך דערשלאָגן... אז א יידן באַפאַלן שלעכטע געדאַנקען, ראַט מען אים ער זאָל זיי ארויסשלאָגן זיך פון קאָפּ. און אז א ייד טראַכט וועגן גוטע זאַכן, זאָגט מען אז ער זאָל ארויסשלאָגן עס פון קאָפּ... און אז א ייד נעמט אויף עפּעס אן ענין זאָגט מען אים: זיי פאָרזיכטיק, שלאָג זיך דאָס גוט אריין אין קאָפּ...

ווען אַ ייד ווערט אויפגערעגט ווער ער יענעם נישט שלאָגן. ער זאָגט בלויז: זאָל ער קריכן אויף אנדערע ווענט, זאָל ער זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט... אָבער איידער ער נעמט זיך אָן מוט זאָגן דאָס, פּרוווט ער אוועקשלאָגן די שלעכ־טע געדאַנקען — און שווייגט. אז מען פאָרט אַ יידן אריין אין די רייד זאָגט ער: שלאָגט מיר נישט איבער, האָט געדולד. נישט איך שלאָג אייך איבער, טאָ פאַר־וואָס זאָלט איר מיר איבערשלאָגן?

אַ ייד שלאָגט זיך צו צום ראש, ער שלאָגט זיך צום העכסטן, צום אויבן־אָן. אין שוהל רייסט ער זיך און דערשלאָגט זיך צו ווערן א פּרעזידענט, און אז ער נעמט נישט אויס ביים קהל, שלאָגט מען מיט אים כפּרות... יידן האָבן א טבע זיך רייסן און דערשלאָגן זיך צו געזעלשאפטלעכע און קהלשע בענקלעך, און אז זיי דערשלאָגן זיך נישט צו אזא בענקל, פילן זיי זיך דער־שלאָגן... אַ ייד איז פעאיק פאַרצושלאָגן יענעם אלע גליקן. אליין איז ער אַ גרויסער לא יוצלח און קאָן נעבעך צו קיין זאך זיך נישט דערשלאָגן...

ווען אַ ייד ווערט אלט און שוואַך זאָגט מען: ס'האָט געשלאָגן זיין שעה... אָט אזעלכע שלעגער זיינען יידן!...

# דער רייכער „נדבן“

די שול־פאַרוואַלטונג האָט זיך געשטיקט צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן. האָט זי באשלאָסן איינצואָרדענען אַ גרויסן קאָנצערט, אַן אימפּרעזע אויף וועל־כער ס'זאָלן ארויסטרעטן די שול־קינדער. דער באַשלוס האָט געהאַט צוויי טעמים: ערשטנס דעמאָנסטראַטיוו צו באַווייזן די שול־טעטיקייט מיט די טאַלענטן פון די שול־קינדער, וואָס אַ דאַנק דער שול האָבן זיי זיך אויסגעלערנט יידיש־ליטעראַ־רישע שאַפונגען, און צווייטנס, די אימפּרעזע זאָל אריינברענגען אַ שטיקל הכנסה אויף לינדערן די פינאַנציעלע שוועריקייטן און דעם דעפיציט פון דער שול.

האָבן געמומען אַלע טוערס, אַזוי אויך די לערערס מיט די פריינד פון שול אָרגאַניזירן דעם גרויסן קינדער־קאָנצערט. מען האָט גענומען צוגרייטן די פּעאיקסטע קינדער, איינשטודירן מיט זיי די פּאַסיקע ראָלן, מאַכן מיט זיי פּראָבעס. צוזאַמען מיט דעם האָט מען אויך גענומען זאָרגן וועגן צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער עפנטלעכקייט. מען האָט גענומען באַטראַכטן וועגן איינלאַדן פּערזענלעכקייטן, דער עיקר אַזעלכע, וואָס זיינען בכוח צו העלפן מאַטעריעל דער שול.

מיט וואָכן פאַר דעם דערמאָנטן קינדער־קאָנצערט האָט מען אַרויס־געשיקט איינלאַדונגען צו געזעלשאַפטן און יחידים, צווישן זיי צו גבירים, אַרויפגעאַרבעטע יידן, אַלרייטניקעס און אַנדערע וואָס האָבן אַ שטיקל באַצי־אונג און אינטערעס פאַר ייִדיש.

ווען יענער גליקלעכער אָוונט איז געקומען איז דער שול־זאַל געווען שיין אויסגעפּוצט און באַלויכטן מיט קאָלירטע לעמפּלעך. פון די ווענט האָבן אַראָפּגעקוקט די פּאָרטרעטן פון אונדזערע קלאַסיקער פון דער ייִדישער לי־טעראַטור. עס האָבן געמומען אָנקומען מענטשן, פרויען און מענער. דאָס רוב פון זיי זיינען געווען עלטערן פון די קינדער וואָס באַזוכן די שול און פון די קינדער וואָס האָבן אַנטייל גענומען אין קאָנצערט. עס זיינען געקומען אייניקע נייע פּנימער. די לעצטע האָבן די שול־טוערס און לערערס סימפּאַטיש אויפגע־נומען, מיט גוטע פּלעצער זיי באַזאָרגט און צו זיי פריינדלעך געשמייכלט.

נאָכדעם האָבן די שול־טוערס געזען צו געפינען זיך נאָענט צו די איינגעלאַדענע רייכע געסט, האָבן געמיטלעך מיט זיי געשמועסט וועגן דער שול, געפריינדלט זיך און זיי דערציילט וועגן דעם צובונד און אינטערעס וואָס די קינדער האָבן צו איר. דערביי נישט פאַרגעסן צו געבן אָנצוהערן וועגן דער פינאַנציעלער לאַגע פון דער שול...

דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן זינגען דעם שול־הימן פונעם קינדער־כאָר. שפּעטער זיינען געקומען קורצע נומערן אין ייִדיש און אין העברעאיש — געזאַנג און רעציטאַציעס, מאָנאָלאָגן און איין־אַקטערס. די קינ־דער האָבן דאָס פיין אויסגעפירט און דער עולם האָט זיי שטאַרק אַפּלאָדירט.

איינער פון די איינגעלאַדענע רייכע געסט האָט מיט התלהבות לאַנג געקלאַפּט מיט זיינע פליישיקע גראָבע הענט. זיינען די קינדער ווידער אַרויס־געקומען און ווידער אַמאָל דעקלאַמירט און געזונגען. דער רייכער ייִד האָט זיך געשמאָלצן פון גרויס תענוג.

איינער פון די שול־טוער האָט דאָס באַמערקט, האָט ער מיט פרייד צו יענעם זיך אָפּגערופן:

— נו, מר. ש. ווי געפעלן אייך די קינדער?

— גרויסאַרטיק, ווונדערבאַר! — האָט יענער געענטפערט און נאָך אַלץ געקוקט צו דער בינע.

— איר ווייסט, — האָט דער שול־טוער געזוכט א וועג ווי צו פאַרפירן מיט יענעם אַ שמועס מכוח הילף פאַר דער שול. אָבער יענער האָט נישט אויפגעהערט צו פּאַסמאַקעווען זיך:

— ווונדערבאר, ווונדערבאַר!

דערווייל איז דערקלערט געוואָרן א הפסקה. עולם אין זאַל האָט גענומען שמועסן, אנדערע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער. דער שול־טוער האָט זיך נענטער צוגערוקט צום רייכן ייד. אָבער פּלוצלינג האָט יענער אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער, זיך אויפגעהייבן און געלאָזט גיין.

— וואָס, איר גייט שוין? — האָט אים דער שול־טוער געפרעגט, — ס'איז דאָך נאָך פאראַן א טייל, נאָך אַ שענערער טייל ווי דער ערשטער!

— איך מוז גיין, כ'האָב נאָך אַ דרינגענדיקע געשעפטלעכע זיצונג. אַ דאַנק אייך פאַרן צוגעטיילטן פאַרגעניגן. כ'וועל דאָס נישט פאַרגעסן. איך האָב געהאַט א גייסטיקן גענוס פון אייערע פיינע קינדער הערנדיק זיי ריידן אזא זאַפטיקן ידיש און העברעאיש. אַ דאַנק פאַר זייער שיינעם זינגען, אַ דאַנק!

— ס'איז אייך באמת געפעלן געווען?

— וואָס שייך געפעלן, כ'באַוווּנדער אייער ענערגיע, אייער מסירת נפש, אייער גרויסע טרחה און וויכטיקע ארבעט וואָס איר טוט. כ'האָב דאָך גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם. איך קומט גרויסע אַנערקענונג. יאָ, כ'וועל דאָס געדענקען, גוט געדענקען, אייך מיט אייערע האַרציקע שול־קינדער!

דער שול־טוער איז געוואָרן פארכישופט פון די ווערטער און פון גרויסער באגייסטערונג גענומען שטאַמלען:

— כ'וואָלט אייך געוואָלט בעטן... איר זאָלט ווערן אַן אקטיווער מיט־גליד פון דער שול, איר זאָלט אונדז העלפן אין דער שווערער ארבעט!

— אַן אקטיווער, דאָס נישט. כ'בין שטאַרק פארנומען. אָבער העלפן, יאָ! האָט יענער גוטמוטיק געענטפערט.

דער שול־טוער האָט זיך דערפרייט, איז שוין געווען גרייט אונטערצו־טראָגן דעם רייכן ייד באַנק־אָרדערס אָדער אנדערע פארפליכטונגען לטובת דער שול. דער גביר האָט זיך געמיטלעך אָפּגערופן:

— איר דאַרפט נישט זאָרגן, כ'וועל שוין זען אז די שול אייערע זאָל באַקומען שטיצע. איך פאָר די נעקסטע וואָך אין אויסלאַנד, ווען כ'וועל צוריק־קומען וועל איך זען וואָס איך קאָן טאָן פאר דער שול. כ'וועל אויך ריידן מיט מיינע פריינד, אז זיי זאָלן זען אייך צו העלפן. כ'וועל אויך זען זיי זאָלן קומען צו אייערע קאָנצערטן, זאָרגט גאָרנישט!

און דער רייכער ייד איז האַסטיק ארויס פון זאַל...

# אַ רעסאָרט־פּלאַץ

הײַנטיקס יאָר בין איך אַרײַנגעפּאָרן אין אַן אומבאַקענטן האָטעל, ערגעץ אין אַן אומבאַקאַנטן רעסאָרט־פּלאַץ, װוּ איך בין קײנמאָל פּריער נישט געװען. שױן בײַם אָנקומען איז מיר נישט געפעלן געװאָרן דאָס שטעטל, עס איז מיר נישט געפעלן די מענטשן און דער גאַנצער אַרום. באַזונדערס איז מיר נישט געפעלן געװאָרן דער האָטעל, װוּ איך בין געשטאַנען. עס זײַנען מיר נישט געפעלן געװאָרן די עסנס. דעם אמת געזאָגט, איז נישט געװען װאָס עס זאָל געפעלן, עס איז נישט געװען װאָס צו עסן... דער פרישטיק איז געװען אָרעם, דער מיטאָג — נישט רײַך און דאָס אָװנט־ברױט נעבעכדיק. מען איז אַװעק פונעם טיש הונגעריקער, װי מען איז צו אים צוגעקומען...

די מענטשן אין האָטעל זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרקרומטע לאַנגע פּנימער, אױסגעצערטע, הונגעריקע און זיך באַקלאָגט:

— אַ פײַנער האָטעל, אַזאַ יאָר אױף די שונאים!

— מען װעט דאָ אױסגײן פון הונגער!

דער בעל הבית פון האָטעל, אַ קלײן און דאַר ײדל, האָט זיך דערפון נישט גענומען צום האַרצן און געלאָזן זיך אָפּגערופן צו די געסט זײַנע:

— שױן צװײ און צװאַנציק יאָר האַלט איך אַן דעם האָטעל און קײנער איז דאָ נישט געשטאָרבן פון הונגער.

דער האָטעל־קיפּער האָט זיך צוגעזעצט אױף אַ בענקל און אַװעקגעלײגט אַ גאַנצע לעקציע, אָנגעװיזן אױף די גרױסע מעלות פון זײַן האָטעל: דאָס װאָס ער גיט נישט קײן סך צו איבערעסן זיך איז שטאַרק װיכטיק. עס האָט אַ גוטע װירקונג פאַרן געזונט. װײַל פיל עסן — האָט ער דערקלערט — איז דער גורם פון כלערלײ קראַנקהײטן און צרות. אַן איבריקער ביסן נעמט צו פיל יאָרן פון מענטשנס לעבן, אַ סך עסן איז אַ מלאך־המות!

דער האָטעל־קיפּער האָט זיך אױפגעהױבן פון בענקל און צוגעגאַנגען צו אײנעם אַ גאַסט מיט אַן אױסגעפּילטן פּנים און גרױסן בױך און אים געפרעגט:

— אװדאי דאָס ערשטע מאָל בײ מיר אין האָטעל?

— יאָ, דאָס ערשטע און לעצטע מאָל! — האָט יענער געענטפערט בײז.

— אָ, נײן, נישט דאָס לעצטע מאָל! — האָט דער בעל הבית מיט אַ שמײכל כיטרע געענטפערט, — איר װעט װידער קומען. אז איר װעט װעלן

זיין געזונט וועט איר קומען, און אז איר וועט צו מיר קומען וועט איר זיין געזונט, ווייל ביי מיר וועט איר זיך נישט איבערעסן. און אז איר וועט זיך נישט איבערעסן, האָט איר אַ האָפענונג צו זיין געזונט, צו לעבן לאַנג. און אז איר וועט לעבן וועט איר צו מיר קומען, און אז איר וועט קומען וועט איר לעבן.

— איר זעט דאָ די אַנדערע האָטעלן? — האָט ער פאַרגעזעצט, — זיי גיבן א סך עסן. וואָס זשע האָבן זיי דערפון? זיי טרייבן דערמיט די מענטשן אויף יענער וועלט, מאַכן רייכער דעם בית הקברות. אָבער נישט ביי מיר. פון נישט געבן פיל עסן וועט מען נישט שטאַרבן. אָט, איר זעט דאָרטן יענעם יידן, — האָט ער אָנגעוויזן אויף איינעם וואָס איז געווען הויט אוןביין, — יענער קומט שוין צו מיר דאָס זעכצנטע יאָר און ער וועט נאָך א סך יאָר קומען צו מיר. מען זאָל אים צוצאָלן וועט ער נישט ערגעץ אנדערש פאָרן. ער פילט זיך דאָ גוט. ביי מיר וועט ער נישט קריגן קיין פעטע יויך, קישקע מיט צימעס. ביי מיר עסט ער א שטיקל הערינג, זויער מילך, אַן אוגערקע — דאָס איז געזונט. איך גאַראַנטיר אייך אז קיין בויך און קיין שמאַלץ וועט מען פון מיינע עסנס נישט האָבן!

איך האָב געקוקט אויפן האָטעל־קיפּער, געקוקט אויף די אויסגעדאַרטע געסט דאָ, אויפן ייד, וואָס איז געווען הויט און ביין, און עס איז מיר שטאַרק אומעטיק געוואָרן. איך האָב געטראַכט אז מען דאַרף עוקר זיין פון דאַנען. אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן, ווייל דער בעל הבית פון האָטעל איז נישט געווען קיין נאַרישער ייד. ער האָט פאַרלאַנגט פאָרויס באַצאָלן...

האָב איך נישט געהאַט קיין אנדער ברירה, געמוזט דאָרטן זיין און הונגערן...

---

# אַ האָטעלכל...

אין אַ פּריוואַטן האָטעלכל, אין מיוזנבערג, האָט אַ פּאָר־פאָלק געוואָלט דינגען אַ צימער. פרעגן זיי דעם בעל־הבית:

— איר האָט אַן „אַקאָמאָדיישאָן” פאַר אונדז?

— יאָ, איר וועט אָבער מוזן צוואַרטן ביז נאָך „לאָנטש”.

— פאַרוואָס עפּעס ביז נאָך „לאָנטש”? — פרעגט פאַרוונדערט דאָס פּאָר פאָלק.

— ווייל דאָס צימער איז נאָך פאַרנומען, די מענטשן האָבן געזאָלט פאָרן נעכטן, אָבער זיי זיינען פאַרדאָרבן!

— וואָס, אזעלכע גראָבע מענטשן זיינען דאָס ?
— נישט דאָס, זיי זיינען פאַרדאַרבן פון עסן.
— זיי האָבן זיך איבערגעגעסן אוודאי ? !
— ביי מיר עסט מען זיך נישט איבער. זיי איז געווען ווינציק, האָבן זיי געגעסן אויך אין „בעקסט־דאַריקן" האָטעל. נו, האָבן זיי זיך פארדאָרבן !
— אויב אזוי, גיט אונדז אַן אַנדער צימער.
— ס'איז נישט לייכט, — זאָגט דער בעל־הבית, — נאָר אזוי ווי איך האָב ליב „צו פליזן" מיינע געסט, וועל איך אייך ווייזן דאָ דעם צימער.
— אַ דאַנק. אָבער די לופט איז דאָך דאָ אזא שרעקלעכע !
— ס'איז דערפאַר, וואָס איר האָט זיך נאָך נישט צוגעוווינט צו איר.
— און דאָס מעבל איז אזוי אַלט !
— וואָס, איר גייט דען קויפן די מעבל ?
— זיינען כאָטש די ליילעכער פון בעט ריינע ?
— געוויס, — רופט זיך אָפּ יענער, — קיינער פון די פריערדיקע מענטשן וואָס זיינען דאָ געשלאָפן, האָבן זיך נישט באקלאָגט אויף זיי.
— פאַרוואָס איז אזוי פינצטער אין צימער ?
— ס'איז דערפאַר וואָס דער עלעקטרישער לאָמפּ אויפן גאַס איז זינט עטלעכע טעג קאַליע געוואָרן.
— און אַ באָדע־צימער האָט איר ?
— ניין. איך האָב דעם ים.
— ווו איז אַ טעלעפאָן ?
— אַנטקעגן־איבער.
— ווו אַנטקעגן־איבער ?
— אין פּאָסט־אָפיס.
—און ווו איז דער ליפט ?
—דער ליפט איר דאָ, אָבער מען נוצט די טרעפּ.
— פאַרוואָס נוצט מען נישט דעם ליפט ?
— ווייל מיט די טרעפּ איז זיכערער !
— וואָס, דער ליפט ארבעט נישט געהעריק ? — פרעגט זיך דאָס פּאָר־פאָלק.
— ער אַרבעט אינגאַנצן נישט.
— און מיט די טרעפּ איז מען כאָטש זיכער ?
— ווי אַמאָל. מער ווי 5—6 מענטשן אַ טאָג פאַלן פון זיי נישט ארונטער.

— און וואָס איז מכוח דאָס עסן? — פרעגן יענע.

— אָ, וועגן דעם עסן דאַרפט איר נישט זאָרגן. אויב איר האָט נישט גענוג, אָדער אייך געפעלט נישט וואָס, האָט איר אַ ברירה — איר קאָנט זיך אויסקלייבן וואָס נאָר איר ווילט.

— טאַקע, דאָס איז נישט שלעכט.

— געוויס. אָט, אנטקעגן אויפן ווינקל־גאָס געפינט זיך אַ רעסטאָראַן, קאָנט איר דאָרטן צובייסן וואָס אייער האַרץ גלוסט.

— קאָסט דאָס עפּעס עקסטרא?

— קיין שום עקסטרא. איר צאָלט דאָרטן דעם נאָרמאַלן פּרייז — צען שילינג א מאָלצייט.

— אוי ווי איז מיר! — רופט אויס די פרוי, — זעט נאָר, די ווענט שפּאָלטן זיך אין צימער, מען זעט דאָך דעם הימל!

— דאָס איז דאָך אַ מעלה. איר ליגט אין בעט און איר זעט דעם הימל, די לבנה און די שטערן, איר אָטעמט איין דורך די שפּאָלטן פרישע לופט!

— און אז עס רעגנט? — פרעגט דאָס פּאָר פאָלק פאַרצווייפלט.

— נו, גייט מען ארויס אינדרויסן, — ענטפערט דער האָטעלניק.

— אינדרויסן רעגנט דאָך? — זיינען יענע שוין בייז געוואָרן.

— וואָס וואָלט איר וועלן, — רופט זיך אָפּ יענער, — כ'זאָל פאַר אייך אָפּשטעלן דעם רעגן?!

---

# די דיסקוסיע

עס איז געזעסן א גרופּע פרויען מיט מענער און האָבן דעבאַטירט ווו פאָרן היינטיקן סעזאָן. עס האָט זיך אנטוויקלט א דיסקוסיע. אנדערע האָבן געהאַלטן, אז דאָס פיינסטע פּלאַץ פאַר אַ האָלידיי איז איסט־לאָנדאָן, און אַנדערע האָבן געזאָגט אז פאָרט־עליזאבעט געפעלט זיי בעסער פון איסט־לאָנדאָן. זיינען געקומען אנדערע און האָבן געזאָגט, אז די וואַרעמע בעדער מיט די מינעראַלס זיינען וויכטיקער און טויזנט מאָל טייערער פון איסט־לאָנדאָן, פון פאָרט־עליזאבעט מיט די אַנדערע האָלידיי־פּלעצער. א גוטע מינעראַל־באַד, איז געוועזן זייער אויספיר, באנייט די יאָרן, פאַרבעסערט דאָס געזונט, שטאַרקט די ביינער און נעמט אוועק אלע ווייטאָקן און חולאתן. האָבן אנדערע ווידער געטענהט, אז זיי זיינען גרייט אוועקצוגעבן איסט־לאָנדאָן, פאָרט־עליזאבעט, די

וואַרעמע בעדער מיט אַלע אַנדערע האָלידיי־פּלעצער — פאַר דערבן. דערבן איז פאַר זיי אַ היילונג, אַ דערקוויקונג.

איז אויפגעשפּרונגען אַ פלאַם־פייערדיקע יידענע מיט פליישיקע ליפּן און געזאָגט:

— כ׳בין אייך מוחל אַלע פּלעצער מיט די בעדער און מינעראַלס, איך האָב איין פּלאַץ — מיוזנבערג! ווען מען זאָל מיך אָפּגילטן וועל איך נישט פאָרן אַנדערשווּ, כ׳האָב שוין עקספּיריענס! כ׳האָב שוין פאַרזוכט איסט־לאָנדאָן מיט פאָרט־עליזאַבעט, געווען אין די וואַרעמע בעדער, אין די קאַלטע בעדער מיט די בלאָטיקע בעדער און מינעראַלס, אָבער ווי קומט עס צו מיוזנבערג, ס׳איז גאָרנישט פאַרגלייכן. ס׳איז ווי עסן אַ געבראָטנס פון זויערמילך!...

האָט פון דער גרופּע זיך אַרויסגעשטעלט אַ יונג ווייבל מיט שמאָלע רויט־געפאַרבענע ליפּעלעך און געזאָגט:

— ביי מיר איז דערבן טייערער פון מיוזנבערג. אין דערבן האָב איך זון און ים, שטאָט און פּלאַזשע! וויל איך, באָד איך זיך, וויל איך, ברען איך זיך, וויל איך, טאַנץ איך, וויל איך, שלאָף איך! יאָ, אַ פיינער פאַרגלייך דערבן מיט מיוזנבערג?! אין דערבן לעבט מען און אין מיוזנבערג איז טויט ווי אויף אַ בית־עולם.

— און איך בין אייך מוחל אייער דערבן — האָט זיך אָפּגערופן די יידענע מיט די פליישיקע ליפּן — אַ גדולה, זי טאַנצט אין דערבן. דאָס טאַנצט זי דאָך דאָרט פון היץ! כ׳וועל אייך נישט אוועקגעבן אַ פיצל מיוזנבערג פאַר אייער גאַנצן דערבן! אויף מיר אַ פּלאַץ דערבן, ס׳איז דאָך אַן אינדיאַן־טאַון, אַ קולי־מאַרקעט!

— און מיוזנבערג? — האָט זיך אָפּגערופן דאָס אַנדערע ווייבל, — ס׳איז מיר אויך אַ האָלידיי־פּלאַץ, ס׳איז דאָך אַ קאַלאָרט־לאָקיישאָן! אויף מיר אַ פּלאַץ מיוזנבערג, גרויס ווי אַ גענעץ, אַ לאָך, ס׳איז דאָך נישט זיך איבער־צודרייען דאָרטן!...

— אוודאי, אַז איר זייט אַ ברייטע יידענע איז אייך קליין מיוזנבערג, האָט איר נישט וווּ זיך איבערצודרייען! פאַר מיר איז מיוזנבערג גענוג גרויס; עס מעגן זיין אַזוינע גרויסע געשווירן אויף יידישע שונאים׳ס קעפּ, ווי גרויס ס׳איז מיוזנבערג!

— און וואָס איז וועגן די האָטעלן אין מיוזנבערג? איר וועט אפשר זאָגן, זיי זיינען פּונקט אַזעלכע ווי אין איסט־לאָנדאָן אָדער דערבן?

— נו, און אַז די האָטעלן זיינען נישט אַזעלכע גרויסע, איז וואָס? וווּ שטייט עס געשריבן אַז די האָטעלן דאַרפן זיין גרויסע? דערפאַר גיט מען אייך אין מיוזנבערג גרעסערע פּאָרציעס פיש, גרעסערע פּאָרציעס פאַרפל, פלייש, צימעס, געהאַקטע הערינג און וואָס נישט?

— אַ מציאה מיט די גרעסערע פּאַרציעס! און איר מיינט אז אין איסט־לאָנדאָן, אין דערבן אָדער ערגעץ אנדערש שטאַרבט מען פון הונגער אין די האָטעלן? אז מען פּאַרט אויף אַ האָלידיי איז נישט דער עיקר דער פּרעס... ס׳איז וויכטיק די סביבה, די מענטשן, די געזעלשאַפט!

— אזוי גאָר, אדרבה, ווו נאָך האָט איר אזא סביבה, אלע היימישע מענטשן, אחינו בני ישראל, ווי אין מיוזנבערג? ס׳איז דאָך א פּלעזשור!

— יאָ, שוין איינמאָל אַ פּלעזשור אין מיוזנבערג, מען נודיעט טאָג און נאַכט, מען קאָן נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. מען טומלט און מען שרייט. מיט נסים, אז די מוחות פּלאַצן נישט. כ׳בין אייך מוחל דעם פּלעזשור!

— אין איסט־לאָנדאָן און אין דערבן פּאָרן דען בלויז שטומע, דאָרטן איז, ווייזט אויס, שוין דער גאַנצער גן־עדן?! ס׳זאָל מיר דאָס צוקומען וויפל עס קומט אָפּ פון יענעם גן־עדן!

— און וואָס איז די מעצאָצע מיט מיוזנבערג? מען ווערט דאָס אויסגעריסן פאַרנדיק אהין. עס איז אזא מהלך. אז מען קומט איבער די קאַרו פאַרשפּאָרט מען דאָך שוין זיך ברענען אויף דער מיוזנבערגער פּלאַזשע!

— נו, און פון דעסטוועגן פאָר איך יעדעס יאָר דאָרטן, הלוואי ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר! געזען, ס׳געפעלט איר נישט מיוזנבערג? כ׳האָב דאָך אלע מיינע טעכטער אויסגעגעבן אַ דאַנק מיוזנבערג! יעדע פּעני וואָס מיוזנבערג קאָסט איז ווערט!

— און ביי מיר איז איסט־לאָנדאָן צי דערבן טויזנט מאָל טייערער פון אייער מיוזנבערג! כ׳וועל אייך נישט אוועקגעבן דעם „מארין־פּאַרעיד" פאַר אייער גאַנץ מיוזנבערג!

— מ׳שטיינס געזאָגט ווער ס׳פאָרט אין דערבן, קיין אין לייטישער מענטש נישט. שלעפּער, אביונים פאָרן אין דערבן! ביים קאָרטן־טיש זעט מען שוין מיט וועמען מען האָט דאָרטן צו טאָן!...

— זעט נאָר ווי שיין זי רעדט זיך עס אוועק. מען קאָן נאָך מיינען, אז זי קומט פון ראָטשילדס משפּחה, ווער עס קען איר נישט פון דער היים??!

— און ווער זייט איר דאָס? געוואָרן אַ גאַנצע מאַדאַם אין אפריקע! האָט זיך אָנגעטאָן דימאַנטן, וואָס קליידן איר ווי אַ העלפאַנד אַ צילינדער־הוט. ביים טאַטן דעם קאַטאַרינאַזש האָט זי דאָס אויך געהאַט??!

— און ווער זייט איר דאָס? אז מען קומט צו אייך נאָך טשאַריטי, גיט איר דאָך א פייג, לאָזט אפילו נישט אַריבער די שוועל!

— און אז איר מאַכט קאָרטן־פּאַרטיס נעמט איר ארונטער צו שיקן פאַר אייער משפּחה אין אויסלאַנד. איר מיינט, מען ווייסט נישט?

— נו, און אז איר מאַכט קאַרטן־פּאַרטיעס, נעמט איר ארונטער פאר אייער אייגענעם פּאַקעט !...

— דערבענער פּאַרוווניק !

— מיוזנבערגער חזיר !

— שווייג !

— שאַראַפּ !

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

ווער ווייסט וואָס עס וואָלט פּאַסירט, ווען מען זאָל נישט געווען אָפּ־האַלטן די צוויי צעהיצטע ווייבער, וועלכע זיינען געשטאַנען איינע קעגן דער אַנדערער מיט זייערע שארפע רויטגעפּאַרבטע נעגל, גרייט זיך מכבד צו זיין...

---

# די „אמתע כשרות"...

איך בין מיט אַ קורצע צייט צוריק געווען ביים ים און דאָרטן איינגע־שטאַנען אין אַ האָטעל, וואָס צייכנט זיך אויס מיט כשרות... אלץ איז דאָרטן כשר. נישט נאָר די עסנס, אויך דער בעל־הבית, די בעל־הביתטע, דער משגיח, אפילו די שוואַרצע אויפּזעער און באַדינער זיינען אויך כשר...

פארשטייט זיך אז די וויזיטאָרס אינעם דערמאָנטן כשרן האָטעל האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פון די כשרע שפּייזן. זיי האָט געשמעקט די כשרע גע־פילטע פיש, די געהאַקטע הערינג, די בלינצעס, צימעס, קניידלעך און אנדערע מאכלים. עס האָט זיי אָבער נישט געשמעקט די פרייזן.

די מיינונג איז געווען אז אינעם כשרן האָטעל, וווּ אלץ איז אזוי סטריקט כשר, זיינען נישט כשר די פרייזן...

דאָך, נישט געקוקט דערויף, זיינען דאָ געווען, אָן עין הרע, געננוג יידן, יידן אזעלכע וואָס וועלן נישט עסן קיין אַנדערע עסנס ווי נאָר כשרע. ווען מען זאָל יענע אָפּגליקן וועלן זיי נישט איינשטיין אין אַן אַנדער האָטעל וואָס איז נישט כשר...

און אויב עס טרעפט אז עס פאַרגלוסט זיך אַמאָל א כשרן וויזיטאָר פאַרזוכן אַ שטיקל בשר־קוויטש, טוט ער זיך אַן עצה: גנבעט ער זיך ארויס שאַ־שטיל פון כשרן האָטעל און איז זיך מטריח ערגעץ אין אַ גויאישן רעסטאָראַן — און דאָס איז ביי אים אויך „כשר"...

ס׳איז אינטערעסאַנט אז ווען די כשרע וויזיטאָרס קומען זיך צוזאַמען אינעם כשרן האָטעל, כשרן זיי אַליץ און אלעמען. נאָכדעם ווי זיי ווערן פאַרטיק מיט דער כשרער אכילה, נעמען זיי זיך באריידן און כשר מאַכן איינער דעם אַנדערן...

אַ שטענדיקע זאָרג האָבן די יידן אינעם כשרן האָטעל מיט אַ מנין. שטענדיק פעלט זיי צום מנין. אויב זיי נוצן נישט דעם מנין צום דאַווענען, נוצן זיי אים אויס צו שפּילן אין קאָרטן. די זאָרג פאַר אזא מנין איז גרויס. אָבער צופיל זאָרגט מען נישט. יידן טוען זיך אַן עצה. אויב עס פעלן צום מנין יידן איז נוצט מען ווייבער, און אזעלכע קאנדידאַטקעס זיינען דאָ לרוב — און די כשרע „גיים" ווערט נישט געשטערט.

דאָ אינעם כשרן האָטעל איז אָפט צו זען ווי פרומע יידן פלירטעווען גאַנץ פריי מיט כשרע ווייבלעך און קיינער שטערט זיי נישט... אפילו דעם משגיח קימערט עס נישט. אָבער פאַקטיש כאפּט ער שוין יאָ אַ בליק אויף די ווייבלעך.

דער משגיח דאָ האָט א סך פונקציעס. א חוץ וואָס ער קוקט נאָך אויף כשרות, קוקט ער אויך נאָך די געסט. און ווען אַ ייד שיקט זיין ווייבל אין כשרן האָטעל דאַרף ער זיך גאָרנישט זאָרגן: דער משגיח האַלט שוין אַן אויג אויף איר...

עס וואַרפן זיך דאָ אין די אויגן אויפשריפטן: „פאַרבאָטן רויכערן אום שבת", איז דאָס ריכטיק. ס׳איז נישט שיין אז אין א יידישן האָטעל זאָלן יידן רויכערן אום שבת. נו, טוען יידן זיך אַן עצה — מען רויכערט אין דרויסן.

אזוי גיך ווי מען עסט אָפּ דעם שבתדיקן ברעקפעסט שטעלט מען זיך דאַווענען. אין אָט דעם כשרן האָטעל איז פאַראַן א שוהל צום דאַווענען. ס׳איז דער זעלבער זאַל ווו האַלב־נאַקעטע מיידלעך מיט ייִנגלעך טאַנצן און פאַרברענגען זיך.

שבת עסט מען דאָ קאַלטע שפּייזן, אזוי זאָגט אָן דער כשרות־רעגולאַמין פון דעם כשרן האָטעל. דערפאַר עסט מען דאָ אַ גאַנצע וואָך ברענענדיקע שפּייזן, נישט בלויז ברענענדיקע — נאָר גאָר אָפּט פאַרברענטע...

פאַר קיין פאַל קאָן מען דאָ נישט האָבן אַ גלאָז מילך נאָך אַ פליישיקן מאָלצייט, סיידן מען צאָלט אַן עקסטראַ שילינג...

אויב עמעצער האָט חשק קריטיקירן דעם כשרן האָטעל אָדער מאכן פאַר־װורפן דעם בעל הבית איז יענער שוין טריף און מען איז אים באַלד משלח פון האָטעל...

עס האָט טאַקע געטראָפן אז פאַר נישט כשר באהאנדלען א וויזיטאָר, איז געקומען צו אַ סקאַנדאַל. שיער, שיער האָט דער וויזיטאָר כשר געמאַכט

דעם בעל־הבית. האָט זיך אריינגעמישט דער משגיח און זיך געבעטן מיט טרערן מען זאָל אים נישט צונעמען זיין פּרנסה...

אינעם האָטעל אַרבעטן דאָ שיקלדיקע „וועיטערס". אזוי ווי דער בעל־הבית איז א קארגער, האָט ער זיין אויסרעכענונג: אנשטאָט צוויי האלט ער איין שיקלדיק „וועיטער" פאַר יעדע צוויי טישן, ווייל ער זעט דאָך טאָפּל...

ווען עס קומט אויס צו באַצאָלן שכירות די שיקלדיקע „וועיטערס", צאָלט ער זיי פּונקט אַ העלפט, ער האָט זיך זיין חשבון: זיי וועלן דאָך סיווי זען טאָפּל...

---

# שיער ניט געוואָרן אַ משגיח...

איך ווייס נישט פון וואַנען מען איז, אויף מיין אָפּרו, געוואָר־געוואָרן אז איך בין אַ יידישער שרייבער. דאַכט זיך אלע אומבאַקענטע פּנימער דאָ. דערצו האָב איך זיך אויסגעהיט, מיין נאָמען פאר קיינעם דערמאָנט, קיינעם נישט געזאָגט ווער איך בין — און סך הכל בין איך דאָ אויף דעם דאַטשע־רעסאָרט צום ערשטן מאָל. אָבער עולם האָט דערשמעקט ווער כ'בין און קיין צרות האָבן מיר נישט געפעלט. שוין פונעם ערשטן טאָג דאָ האָב איך זיך ארומגעזעזן, אז קיין נחת וועל איך שוין נישט האָבן פון מיין אָפּרו. ווען כ'זאָל זיך נישט געווען שעמען, וואָלט איך איינגעפּאַקט דאָס פּעקל און געמאַכט א השיבנו נאַזאַד. איז אָבער געווען אַן אָפּהאַלט. דער האָטעל־קיפּער האָט מיך נישט געוואָלט ארויסלאָזן פאר דער צייט פון זיין גן־עדן. האָב איך בלית ברירה געמוזט דאָ זיצן און ס'איז אסור נישט געווען וואָס מיך מקנא זיין...

יעדן טאָג זיינען צו מיר געקומען יידן, יונג און אלט, מיט מענות און טענות. זיי האָבן מיך פאַרמאַטערט און פאַרנודעט ביז חלשות.

קומט צו מיר אַ ייד מיט א טענה, פארוואָס איך האָב זיך אַ נאָמען געגעבן שישלער, ווייל היות ער איז אַ ליטווישער ייד איז אים נישט לייכט ארויסצו־ברענגען מיין נאָמען. ער פאַרפּלאָנטערט זיך און אַנשטאָט שישלער קומט ביי אים ארויס סיסלער, שיסל, טשיסל, שוסטער, סייסלער, טשעסלער, זיסלער וכדומה... לכן האָלט יענער ייד באַדאַרף איך ענדערן מיין נאָמען, קאַרג נע־מען פאַראַן אויף דער וועלט.

אַן אַנדער ייד האָט מיר אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום עליכם מיט אַ שטאַרקן האַנט־דרוק, וואָס איז מיר פאַרגאַנגען ביזן זיבעטן ריפּ. דערפאר אָבער האָט ער מיך געלויבט, אז אים געפעלט מיין סטיל שרייבן, מיין זשאַנער,

מיין אויסוואַל פון טעמעס. אָבער אים געפעלט נישט פּאַרוואָס איך שרייב אין „זשאַרגאָן". ער איז נישט צו־גוט באַהאַוונט אין דער „לענגוויטש", און בעת מעשה האָט ער מיך געבעטן איך זאָל אים פאַרטייטשן וואָס מיינט „האַרי אַפּ" אויף ענגליש...

נאָך אַ ייד האָט געהאַט צו מיר אַ טענה, באשר איך האָב געהאַט גע־שריבן „דערבן ברענט". דאָס איז אַ פאַלשער „סטייטמענט". ער קען דערבן זייער גוט און האָט נישט געזען דערבן זאָל ברענען. אמת, עס זיינען געווען גרויסע היצן, ס'איז געווען הייס, מענטשן האָבן געשוויצט ווי די ביבערס, אָבער דערבן האָט נישט געברענט!

אַ געלער יונגערמאַן אין האָטעל האָט מיך געעצהט, אויב איך וויל האָבן דערפאָלג מיט מיין שרייבן, זאָל איך זיך נעמען צו אַן אנדער מלאכה, און אויב איך וויל דורכאויס זיין א שרייבער, זאָל איך שרייבן וועגן פערד וואָס לויפן, באַשרייבן וועלכער סוס איז אַ גוטער, האָט אַ „טשאַנס" אריינצוקומען דער ערשטער; אויף וועלכן פערד מען מעג שטעלן עטלעכע פונט און פון וועלכן מען זאָל שטיין פון וויטנס, נישט צורירן זיך צו אים; כ'זאָל געבן „טיפּס" אויף וועלכן סוס מען מעג ארויפלייגן דעם חודש געהאַלט און אויף וועלכן מען טאָר אפילו קיין פּעני נישט איינשטעלן. אויב איך זאָל דאָס טאָן, וועל איך ווערן אַ גרויסער שרייבער ביי די ליבהאָבער פון רייסעס...

אויך א מיידל איז צו מיר צוגעשטאַנען, מיך פאַרפאָלגט אויף שריט און טריט. עס האָט נישט געהאָלפן מיין דערקלערן איר, אז איך בין א חתונה־געהאַטער, האָב א ווייב מיט קינדער. איר האָט דאָס נישט געקימערט. איר איז געגאַנגען אין עפּעס אנדערש: באשר איך בין אַ שרייבער, מוז איך אוודאי קענען א סך מענטשן, וואָלט איך אפשר איר צוזאַמענגעפירט מיט א יונגנמאַן...

בינו לבינו האָט מען מיר אין האָטעל פאַרגעלייגט אַ שטעלע איך זאָל ווערן אַ משגיח. איך האָב אויסגעקוקט צו זיין אַ רעליגיעזער ייד, מחמת מען האָט מיך געזען לייענען יידישע צייטונגען, און אז איך לייען יידישע צייטונגען מוז איך דאָך אוודאי קאָנען יידיש, און אז איך קאָן יידיש בין איך דער ריכטיקער קאַנדידאַט אָנצונעמען די שטעלע אַלס משגיח... ווען כ'האָב געזאָגט אז איך בין נישט פּעאיק פאַר אזא דזשאָב, כ'ווייס נישט מיט וואָס מען עסט דאָס, האָט דער האָטעל־קיפּער מיר געזאָגט אז ס'איז נישטאָ וואָס אויפצופּאַסן. אויף אויפהיטן אויף כשרות האָט ער דערפאַר שוואַרצע און אכטונג געבן וועט מען אויף מיר. אז ער גיט עמעצן א שטעלע טוט ער אויף יענעם אכטונג. מען קאָן זיך אויף קיינעם פאַרלאָזן. אָט דעם לעצטן משגיח האָט ער ארויסגעוואָרפן, ווייל ער האָט אים געכאַפּט אין קיטשן עסן כשרע פליש...

אזוי ארום בין איך שיער נישט געוואָרן קיין משגיח אויף כשרות.

# טענות פון אַ האָטעל־קיפּער

באַגעגנט מיך אַ ייד, אַן אײַנהאַבער פון אַ האָטעל, ערגעץ ביים ים, און רופט זיך צו מיר אָפּ:

— זייט איר דער שרייבער, וואָס שרייבט אין די בלעטער און ביכער?

— יאָ, — זאָג איך, — איך בין עס!

— אויב אזוי, וויל איך, איר זאָלט אמאָל זיך אָננעמען מיין קריוודע, מיין עוולה, כ'מיין די עוולה וואָס מען באַגייט קעגן אונדז, די האָטעל־קיפּערס!

— דהיינו, וואָס איז געשען? — פרעג איך דעם ייד.

— וואָס איז געשען? ס'איז געשען א סך און ס'איז גאָרנישט געשען! כ'וויל אָבער איר זאָלט מיך אויסהערן!

— גוט, כ'וועל איך אויסהערן, מאכט דאָס בקיצור!

— כ'וועל מאַכן בקיצור. כ'וויל אייך זאָגן, כ'בין אייער שטענדיקער לייענער. איך לייען אייך אלעמאָל, איך לייען אָפּט ווי איר באשרייבט די האָטעל־ניקעס, כ'מיין די האָטעלן מיט זייערע בעלי־הבתים!

— יאָ, כ'באשרייב, איז וואָס למשל ווילט איר? — פרעג איך דעם ייד.

— כ'וויל, כ'וויל איר זאָלט אמאָל צורו לאָזן די האָטעל־קיפּערס און אויף אַ נאָווינע באַשרייבן די געסט, די האָלידיי־מייקערס, די וואָס קומען אין די האָטעלן! גלייבט מיר, אז ס'איז דאָ וועגן זיי וואָס צו שרייבן מער ווי וועגן די האָטעל־קיפּערס! מ'שטיינס געזאָגט וואָס איז אַן אײַנהאַבער פון אַ האָטעל? ער איז דאָך נישט מער ווי אַ סלייוו, אַ שקלאַף, אויב נישט נאָך ערגער!

— וואָס זשע ווילט איר פון מיר? — פרעג איך דעם ייד, — וואָס קאָן איך העלפן?

— העלפן, מעגלעך, קאָנט איר נישט, אָבער ס'איז נישטאָ וואָס אָפּצולאַכן און אריינזאָגן אונדז! אויב אריינזאָגן דאַרף מען זיי, די „האָלידיי־מייקערס" וואָס זעצן זיך אָן אויף אונדזערע קעפּ, און ווי פּיאַווקעס זויגן דאָס בלוט! אָט, למשל, קומט אַנומלטן צופאָרן אין מיין האָטעל א ייד — רעדט מיט ברען צו מיר דער האָטעל־אײַנהאַבער — יענער קומט אריין אין אָפיס און פרעגט זיך ברייט:

— איז דאָס דער האָטעל „שלח מנות?"

— יאָ! — זאָג איך.

— הם, קאָן איך ריידן צום אייגנטימער ?
— יאָ, איר קאָנט, איך בין דער אייגנטימער !
— אזוי, איר זייט דער אייגנטימער ? ווען איר זאָגט מיר נישט, וואָלט איך דאָס נישט געגלויבט ! איר קוקט גאָרנישט אויס ווי אַן אייגנטימער פון אַ האָטעל ?
— ווי דען קוק איך אויס ?
— כ׳ווייס, — רופט זיך דער ייד אָפּ, — כ׳וויל אייך חלילה נישט אריינ־זאָגן אָדער באַליידיקן, אָבער איר קוקט אויס ווי אַ... מאָטאָר־מעכאַניק, אַ בלעק־שמיד, א טעקסי־דרייווער, ווי א . . .
— סטאָפּ, גענוג ! — האָב איך איבערגעשלאָגן יענעם. — זאָגט וואָס פאַרלאַנגט איר ?
—וואָס איך פאַרלאַנג, כ׳פאַרלאַנג חלילה פון אייך קיין געשאַנק, איך וויל אַ צימער !
— אַ צימער פאַר זיך ?
— פאַר וועמען דען, פאַר אייך ?
— כ׳מיין, איר ווילט א סינגל־צימער פאר זיך אליין ?
— וואָס האָט איר געמיינט, כ׳וויל פאר מיין משפחה ? כ׳האָב שוין מער נישט וואָס צו טאָן, נאָר ברענגען דאָ מיין פאַמיליע ? ! ס׳וועט זיין גענוג, איך וועל ליידן ביי אייך אָן מיין משפחה !
— ביי מיר ליידט מען נישט !
— זאָל זיין, מען ליידט נישט, אָבער נחת זע איך קאָן מען פון אייך און אייער האָטעל נישט האָבן !
— איז צוליב וואָס זייט איר דאָ געקומען ? — האָב איך יענעם געפרעגט.
— אויסרוען אַ ביסל !
— און מיך פאַרמאַטערן !
— אייך פארמאָטערן ? כ׳האָב נישט אזוי פיל כוחות אייך פאַרמאַטערן !
— גענוג ! — האָב איך שוין נישט געהאַט קיין געדולד, — זאָגט וואָס איר פאַרלאַנגט ?
— אַ צימער !
— אַ צימער, גוט. אָט קומט דער „וועיטער״ וועט ער אייך ווייזן אַ צימער !
— וואָס פאַר אַ צימער וועט ער מיר ווייזן ? כ׳וויל א גוטן צימער, איר דאַרפט וויסן, איך קום פון אַ היים מיט אלע באקוועמלעכקייטן ! כ׳האָב אַ הויז אין דער שענסטער געגנט מיט געררוימע און פיינע צימערן, מיט לוקסוס־מעבל, מיט דיוואַנען, מיט . . .

— מיסטער, — האָב איך יענעם איבערגעשלאָגן, — מיך אינטערעסירט נישט אייער פּאַרמעגן, מיר גייען זיך נישט משדך זיין. איר ווילט אַ צימער, וועל איך אייך געבן א צימער!

— יאָ, וואָס פאַר אַ צימער? איך וויל האָבן אַ פראָנט־רום אַנטקעגן ים!

— כ'וועל אייך געבן אַ פראָנט־רום אַנטקעגן ים! — האָב איך געזאָגט דעם ייד און אים אריינגעפירט אין שענסטן צימער פון מיין האָטעל. ס'איז גראָד נישט געווען אין סעזאָן, איז געווען פון וואָס צו קלייבן. אָבער יענער איז אונטערגעשפּרונגען ווי עס וואָלט אים עמעץ אַ ביס געטאָן:

— ס'איז נישט אַ צימער פאַר מיר, ס'איז צו הויך, די פענצטער נישט גענוג גרויס און דער ליפט איז צו נאָענט צו דער טיר! — האָט מיט אַן אומצופרידענער מינע דער ייד זיך אָפּגערופן.

— נו, וועל איך אייך געבן אַן אַנדער צימער. כ'האָב גענוג צימערן! אפשר ווילט איר מיט אַ שטאָק נידעריקער?

— ניין, כ'וויל נישט נידעריקער!

— אפשר מיט אַ שטאָק העכער?

— כ'וויל נישט נידעריקער, כ'וויל נישט העכער, כ'וויל א מענטשישן צימער!

— איך האָב נאָר מענטשישע צימערן! — האָב איך שוין געזאָגט אויפגערעגט, — קיין בהמות שטייען דאָ נישט

— זעט נאָר, זעט נאָר, ווי ער רעגט זיך אויף! — איז דער ייד אויפגעשפּרונגען מיט כעס, — אז מען איז אַ האָטעל־קיפּער דאַרף מען האָבן פּייטאנס און פּליזן יענעם! ס'פעלן נישט קיין האָטעלן און באַליידיקט נישט!

— איך באַליידיק נישט, — האָב איך באַרואיקט דעם ייד, — אָבער זאָגט וואָס איר ווילט, צאַפּט נישט דאָס בלוט!

— געהערט, איך צאַפּ בלוט! וואָס בין איך א האָטעלניק, כ'זאָל צאַפּן בלוט?!

— גוט, איר צאַפּט נישט קיין בלוט, אָבער קלייבט זיך ענלעך אויס אַ צימער. כ'האָב 65 רומס און איר קאָנט זיך נישט צוקלייבן איינעם!

— אז ס'איז נישטאָ וואָס צו קלייבן, איר רופט דאָס אָן צימערן! איר זאָלט אָנקוקן מיין הויז, מיינע רומס, איר זאָלט זען א בעד־רום איך האָב! איר וועט שוין דאן נישט אָנרופן אייערע לעכער — צימערן!

— גוט, זאָל זיין לעכער, איר ווילט אָדער נישט?

— וואָס האָט איר קיין געדולד, וואָס טרייבט איר? כ'בין דאָך געקומען אָפּרוען זיך, ערהוילן, וואָס איז די יאָגעניש, רעדט געלאַסענער, מענטשלעכער!

— איך רעדט גענוג געלאַסן און מענטשלעך, קלייבט זיך ענלעך צו אַ צימער! — האָב איך זיך געבעטן.

— גוט, כ'וועל שוין נעמען דעם צימער 44, זאָל זיין דאָ! הע, ווו איז אייער ים? — האָט ער פּלוצלינג אויסגעשריען.

— דער ים איז נישט ווייט, בלויז אַ פינף מינוט שפּאַציר!

— עס קוקט מיר אויס, אז עס איז א לאַנגער שפּאַציר, אפשר א פערטל מייל!

— וואָס האָט איר געוואָלט, — האָב איך שוין נישט געהאַט קיין געדולד. אפשר זאָל איך אייך געבן דעם ים אין בעט אריין??!

— און דער האָטעל אייערער, זע איך, „פייסט" אפילו נישט דעם ים!

— נו, „פייסט" ער דעם הימל! — האָב איך פון צרות אַ שפּאַס געטאָן.

— כ'זע, אז כ'וועל פון אייער האָטעל נישט האָבן קיין נחת!

— ווי מען בעט זיך אויס, אזוי שלאָפט מען! — האָב איך געענטפערט.

— וואָס, איך דאַרף אליין אויסבעטן זיך, מאַכן דאָס געלעגער, איר האָט נישט קיין „טשיימבער מייד"? — האָט יענער אויף מיר אַנגעשטעלט א פּאָר ווילדע אויגן.

— כ'האָב א „טשיימבער־מייד", — האָב איך אים בארואיקט. — זי איז היינט פרי געגאַנגען אַהיים צום מאַן און קינדער!

— וואָס, אַ מאַן מיט קינדער האָט זי? — האָט זיך דער ייד אויפגעקאָכט, — איך גלייך נישט אזא „טשיימבער מייד"!

— איר קלייבט זיך דען מיט איר חתונה האָבן?

— אפשר יאָ!

— ניין, איר וועט מיט איר נישט חתונה האָבן, זי איז נישט קיין ווייסע, און דערצו א גרויסע מיאוסקייט!

— אַיי, וואָס פאַר אַ האָטעל איז דאָס ביי אייך? איך זע שוין, אז כ'בין אריינגעפאַלן!

— איר זייט גאָרנישט אריינגעפאַלן. אויב אייך געפעלט נישט, צווינגט אייך קיינער צו שטיין דאָ!

— אַ מאָדנער מענטש איר זייט. איר האַלט אין איין טרייבן מענטשן! איך זע נישט מען זאָל אייך צערייסן, איר זאָלט וועמען האָבן?! אוודאי, מענטשן זיינען נישט קיין נאַראָנים. נאָך אזא באַהאַנדלונג ווי איר גיט, וועט מען שוין קומען צו אייך? וואָס, עס פעלן דען האָטעלן?! עס זאָל אזוי פעלן די גויים קדחת. געהערט, אין גרויסן שטייט ער! פאר געלט קריגט מען. העי, „וועי־טער", גיוו מי מיי סוד־קייס! — — —

כ'האָב אפילו יענעם געדאַרפט אָננעמען ביים קאָלנער און ארויס־וואָרפן — האָט צו מיר געזאָגט דער האָטעל־אינהאַבער — אָבער מען וויל דאָך אָנהאלטן דעם גוטן נאָמען, האלט מען זיך צוריק, זאָל מיינס אריבערגיין! יאָ, נאָכדעם ווי ער איז אַוועק, בין איך געוואָר געוואָרן, אז פון איין האָטעל האָט

מען אים ארויסגעוואָרפן, און פון אַן אַנדער האָטעל איז ער אליין אוועק, פשוט אנטלאָפן ווייל נישט באַצאָלט האָט ער פאר קאָרגע 3 וואָכן ווינען און עסן!

— ווי איר זעט, — פאַרענדיקט דער האָטעל־אייגנטימער זיין אראָפּריידן זיך פון האַרצן, — איז גאָרניט דאָ וואָס מקנא זיין האָטעל־קיפּערס, — און ארייַנזאָגן און אָפּלאַכן פון זיי איז אוודאי נישטאָ! לכן בעט איך אייך, היות איר זייט אַ שרייבער, שרייבט אַמאָל אַ קריטיק קעגן די „האָלידיי־מייקערס”, און זאָגט זיי טאָקע אריין אין דער זיבעטער ריפּ, ווי זיי טוען דאָס קעגן אונדז!...

כ׳האָב דעם ייד צוגעזאָגט צו נאָכגעבן זיין בקשה. ער האָט מיר דעריבער פאַרשפּראָכן אַן אומזיסטע האָלידיי ביי אים אין האָטעל און מיך פאַרזיכערט צו געבן אַ צימער וואָס „פייסט” דעם ים...

---

# מיט יידן אויף אַ האָלידיי

ס׳איז אַ מחיה צו זיין מיט יידן אויף אַ האָלידיי, ס׳איז גאָרנישט אָפּצו־שאַצן. מיט יידן פילט מען אז מען איז צווישן יידן. מען באַקענט זיך גיך, מען דאַרף אפילו זיך נישט פאַרשטעלן — איינס און צוויי קען מען זיך שוין. און אויב מען קען זיך נישט, באקענט מען זיך און אויב נישט — איז אפשר נאָך בעסער...

ווען מען איז מיט יידן אויף האָלידיי לויפט די צייט גיך, דער עיקר, מען לאַנגווייליקט זיך נישט. מען פירט שמועסן, מען רעדט זיך צוזאַמען; מען רעדט באַזונדער און מען רעדט אינאיינעם; מען רעדט וועגן אַלץ און אלעמען. מען רעדט מיט גאווה וועגן זיך און מיט חוזק וועגן יענעם. מען רעדט פון שכנים, לאַנדסלייט, מען רעדט — און מען באַרעדט...

ווען מען רעדט וועגן שכנים און לאנדסלייט איז דאָס א טעמע וואָס נישט לייכט לאָזט מען זי ארויס פון די מיילער. מען רעדט פיל, באזונדערס נוצן די ווייבער אויס זייער מענה־לשון, אָבער מען קאָן זיך אויך פאַרלאָזן אויף די מענער. דאָ, אויף האָלידיי, טרעפט אָפט אז נישט ערגער פון אַ יידענע איז אויך פּעאיק אַ מאַן צו באַריידן זיין שכן, לאַנדסמאַן אָדער פריינד...

ווען עולם צעשמועסט זיך און אז מען נעמט עמעצן אין מויל אריין, איילט מען זיך נישט, מען האָט צייט און געדולד. זיצט מען אָפּ שעהן און מען דבר׳ט. וואָס דען האָט מען צו טאָן אויף האָלידיי? און בפרט ווען צום טיש

רופט מען נישט, ס'איז נאָך פרי. נו, נוצט עולם דאָס מויל דערווייל פאַר עפּעס אַנדערש — באַריידן און באַאַרבעטן יענעם פון קאָפּ ביז די פיס, ווי אין פּסוק שטייט...

ווען יידן זיינען אויף האָלידיי האָבן זיי נישט וואָס צו טאָן. די דאגות און עול פון פּרנסה האָבן זיי דאָך איבערגעלאָזט אין די היימען זייערע, און זיצן מיט פאַרשלאָסענע מיילער און פּוסט און פּאַסט גלאָצן אין הימל אַריין איז אַן עבירה...

נאָך אַן אַרבעט האָבן זיי — דאָס שפּילן אין קאָרטן. טאָמער שפּילן יידן נישט געװנוג אין זייערע היימען, שפּילן זיי אויף האָלידיי ווען נאָר זיי גלוסט זיך. עס שפּילן אין קאָרטן מענער און ווייבער. די ווייבער זוכן די קאָרטן נאָך מער ווי די מענער. טאָג און נאַכט זיינען זיי זיך עוסק אין דער „געים".

אויף האָלידיי דערציילן זיך יידן וויצן, און אז עס ווערט אומעטיק פון די וויצן, דערציילט מען זיך מעשיות פון וועלכע מען לאַכט. ערגער איז ווען יידישע טאַטעס און מאַמעס נעמען זיך באַרימען מיט זייערע קינדער און ווען קליינוואַרג נעמט זינגען און די עלטערן העלפן צו. דאַן באַקומט זיך דער איינדרוק אז מען איז אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט...

אָבער ווער זאָגט אז בלויז קליינוואַרג האָט די קאָנצעסיע צו באַווייזן זייערע טאַלענטן און קענטעניש? אויך די דערוואַקסענע נעמען אַרויסווייזן וואָס זיי קאָנען און גאָרנישט לאַנג געוואַרט נעמען יענע דערלאַנגען סחורה. מען ווערט זאָגער און זינגער, חזנים און שפּרינגער. איינער דערלאַנגט מיט אַ הייזעריקער שטימע אַ ראש־השנה תפילה, אַ צווייטער מיט אַ קוויטשנדיק קול קלאַפּט אָפּ דעם אקדמות, אַ דריטער זינגט חד־גדיא און אַ פערטער מאַכט סתם עפּעס אַ פּורים־שפּיל...

און די ווייבער, אויך זיי ווילן אַרויסווייזן זייערע קענטעניש און פעאיקייטן, שטעלן זיי זיך אויך אַרויס מיט זייערע טאַלענטן. איינע וויל זיך שטעלן גרעסער פאַר דער אַנדערער, מאַכן זיי אַזעלכע שרעקלעכע קולות, אַז די מוחות זייערע פּלאַצן נישט זיינען זיי פון אייזן... אַנדערע פון זיי לאָזן זיך אַוועק מיט טענץ ווי די זולוס...

פון אָט די אומזיסטע קאָנצערטן, חזנות און טענץ געניסן פיל די... קיעמיסט־לייט. עולם לויפט און האַנדלט זיך איין אַספּערינס און אַנדערע רפואות. גייט דער עולם אַרום מיט קאָפּ־ווייטיק, מען שלינגט די אַספּערינס, מען לייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צו די קעפּ — און מען האָפט אויפן טאָג פּטור צו ווערן פון די האָלידיי־פאַרגעניגנס....

פון דעסטוועגן איז נישט שלעכט צו זיין מיט יידן אויף האָלידיי. אַלע בייעסן ווייסט מען. מען ווייסט ווער עס פירט ליבקע געשעפטן און אפילו ליבקע ליבעס... מען דאַרף דאָ נישט קיין צייטונג, קיין ראַדיאָ, מען ווייסט אַן זיי אַלץ.

אָבער ווען מען פֿאָרט אהיים פילט מען אז מען דאַרף אַ האָלידיי. מען איז שוואַך און צעבראָכן, נערוועאיש און קראַנק און אין מוח און אין די אויערן קלינגט אלץ דער טומל, דער ווילדער אַפּקלאַנג, דאָס זינגען און שפּרינגען, דער כאַאָס און דאָס אָפּקומעניש פֿון דער האָלידיי...

---

# גלות־האָלידיי

נו, גאָט צו דאַנקען, איבערגעקומען גלות־האָלידיי. איך האָב דאָס באַדאַרפט ווי צאָן־ווייטיק. אָבער איר ווייסט דאָך, מען מוז זיין מיט מענטשן גלייך. אז חיים, זרח און גרונעם פֿאָרן דאַרף מען אויך פֿאָרן. וואָס, זיי זיינען פֿון שענערן יחוס פֿון מיר?

דעם אמת געזאָגט האָב איך גאָרנישט געהאַט חשק פֿאָרן, צוליב וואָס כ׳לעבן פֿאָרן? ווי איר ווייסט האָב איך אַ פיינע הויז, אַ גאָרטן און אַ ווייב, אַ געזונט אויף איר. זי איז דאָך אַ בעסערע קעכין ווי דער בעסטער שעף פֿון בעסטן האָטעל.

מיין יידענע טאָקע האָט מיך געמוטשעט פֿאָרן: סטייטש, האָט זי געטענהט, אַלע פֿאָרן: שכנים, באַקענטע און פֿאַרוואָס זאָלן מיר נישט פֿאָרן? האָב איך איר צוליב געטאָן. ס׳איז אפילו נישט געווען לייכט, איר ווייסט דאָך היינטיקע געשעפֿטן, אָבער מען מוז אַמאָל אויך אַן אייגענע ווייב צוליב טאָן!

נו, זיינען מיר געפֿאָרן. אַ ברירה האָבן מיר געהאַט. דאָס פֿאָרן איז רחמנא ליצלן געוואָרן אַ מין מגפה. פּונקט ווי מען מוז פּאַקן און מאַזלען, אזוי מוז מען אָפּריכטן גלות־האָלידיי!

כידוע איז די גאַנצע האָלידיי ווערט אַ קיי־שפּיי, אַ ציבעלע, קיין שמעק טאַבאַק נישט, דערפֿאַר אָבער די הכנות, דאָס גרייטן און האָווען, שמייען, פּאַקן, שוויצן, באַווייזן זיך מיטן געפּעק פֿאַר שכנים און פֿאַר מענטשן סתם זאָלן זיי זען אז מען פֿאָרט, דאָס אליין איז שוין אַ שטיק קוראַציע!

אזוי גיך ווי מען נעמט זיך גרייטן און פּאַקן צום פֿאָרן קומט שוין צו שטיקער געזונט. פֿאַראַן מענטשן וואָס האַלטן מער פֿונעם פּאַקן ווי פֿון פֿאָרן. זיי זאָגן אז דאָס פּאַקן גופא האַלט זיי אויף די פֿיס.

איצט אויף דער האָלידיי גופא וויפֿל געזונט קומט אייך צו ווען איר באַווייזט זיך מיט אייער גאַנצער גאַרדעראָבע וואָס איר האָט מיטגעבראַכט, איר פּוצט זיך אויס אין אייערע קליידער און פוטערוואַרג, מיט אייער צירונג און דימאַנטן, גאָר אַ קלייניקייט וויפֿל געזונט אייך קומט צו!

און ביים קאָרטן־טישל ווען איר קאָנט זיך שטעלן שיין, שפּילן גרויסע גיימס, האָט איר דאָך אַ פּנים פון אַ מענטשן. מען באַקומט פאר אייך דרך ארץ, מען שאַצט אייך אָפּ צו זיין א מיליאָנער, א ראָקפעלער — איין קליינינקייט. און בעת איר טוט זיך אַ שפּאַציר דורך מיט אייער ווייבל, אליין אין א בלויען אָדער ברוינעם גאַרניטורל, און אייער יידענע אָנגעטאָן אין אַ מינקאַוט הגם די זון טאַקע ברענט. אָבער ווען איר זעט ווי אַלע קוקן אויף אייך קומט אייך צו געזונט!

דאָס וואָס איר זייט נישט צופרידן פון האָטעל, די עסנס דרייען די קיש־קעס אין בויך, ביינאַכט פייניקן אייך מאָסקיטאָס, וואַנצן און אנדערע משה רבינו־פערדלעך, זיינען דאָס קליינינקייטן. איבעריקנס טרייסט איר זיך אז באַלד, באַלד וועט צו דעם אַלעם נעמען א סוף און איר וועט פאָרן אהיים ווו עס וואַרט אויף אייך אַ שיינע הויז מיט אַ ציכטיק בעט! אָבער צו וואָס זיך ערגערן פון אָט די קליינינקייטן. די צייט לויפט דאָך, שטייט נישט אויף איין אָרט. באַלד וועט פאַריבער און מען וועט זיך געזעגענען מיטן ים, מיטן האָטעל, מיטן בעל־הבית, מיט די „וועיטערס" — און מיט די פאָר פונט!

אָט איז מען שוין אויסגעצוואָגענע, אויסגעבאָדענע, אָפּגעוואַשענע פון די ים־כוואַליעס און אָפּגעברענטע, פארשרפהטע פון דער פּלאַזשע, פון דער זון און פון די האָטעל־אייגנטימער — און ווידער נעמט מען זיך צום געפּעק. דאָס מאָל איז דאָס פּאַקן אנדערש. מען פּאַקט זיך שוין נישט מיט אזא גדלות ווי פריער, ס'איז דאָך דאָס פּאַקן אויף צוריק, צו פאָרן אהיים!

מערקווערדיק, ווען ס'קומט צום פּאַקן זיך אהיים גייט דאָס געשווינדער, לייכטער: איינס און צוויי איז מען אַן איינגעפּאַקטער. דער באַגאַזש ווערט איצט קלענער, דאַכט זיך די זעלבע פּעק און דאָך נישט די זעלבע. וואָס איז דער חידוש. די האָלידיי האָט דאָך פיל צוגענומען!

נו, גאָט צו דאַנקען, מען פאָרט אהיים. ס'איז גוט, אַ מחיה, ס'פאָרט זיך לייכט. אָבער פארוואָס איז אויפן האַרצן א ביסל שווערער געוואָרן? ס'איז אוודאי דערפאַר וואָס ס'איז געוואָרן לייכטער אין קעשענע!

שוין בין איך מיט מזל געקומען אהיים. איי ווי איך שאַץ דאָס אָפּ די האָלידיי: איצט דערפיל איך זיך פריש און מונטער און דריק אויס אַ דאַנק דעם בורא עולם פאַר געבן מיר כוחות אויסצוהאַלטן די גלות־האָלידיי און אויך פאַר דעם זכות קומען צו זיך אין שטוב מיט גאַנצע ביינער!

איי ווי גוט מען פילט זיך נאָך די האָלידייס!...

# אַ הוסט

מר. גלאַנצן האָט גענומען קיצלען אין האַלדז און האָט זיך פאַרהוסט. ער האָט איבערגעריסן זיין ארבעט, צוגעשלאָסן זיין געשעפט און איז אװעק אהיים. װען ער איז אריינגעקומען אין הויז און זיין פלוניתטע האָט אים דערהערט הוסטן, האָט זי פאַרבראָכן די הענט און אויסגערופן:

— מזל טוב דיר, װו האָסטו זיך איינגעהאנדלט אזא הוסט?

— איך האָב אים געקראָגן א „באַרגעין", האָט מר. גלאַנץ געשפּאַסט, — אָן געלט אים געקראָגן.

— אויב אזוי גיי שוין אין בעט. איך גלייך נישט דיינע „בארגעינס", כ'וועל רופן דעם דאָקטאָר!

— צו אַ הוסט דאַרף מען קיין דאָקטאָר!

— אַ הוסט איז מער געפערלעך פון אַן אנדער קרענק! — האָט מרס. גלאַנץ ארויסגעטראָגן איר דיאַגנאָזע און האָט טעלעפאָנירט נאָכן דאָקטאָר.

באלד נאָכדעם איז דער דאָקטאָר געקומען, האָט מר. גלאַנצן אונטער־זוכט, פאַרשריבן אים רפואות און איז אװעק.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מר. גלאַנץ נישט צוגעטאָן קיין אויג. דער הוסט האָט אים געמוטשעט. ער האָט געקרייט װי אַ האָן און קיינעם אין הויז נישט געלאָזט שלאָפן. צומאָרגנס האָט ער זיך געפילט שוואַך, שטאַרק אויסגעמאַ־טערט פונעם כסדרדיקן הוסטן. מרס. גלאַנץ האָט זיך דערשראָקן און װידער גערופן דעם דאָקטאָר.

װען דער דאָקטאָר איז געקומען האָט זי אים דערציילט װי איר מאַן מוטשעט זיך מיטן הוסט, װערט געל און בלוי, קאָן נישט אָפּאָטעמען און צוטאָן מיט אַן אויג.

פרעגט אים דער דאָקטאָר:

— איז דאָס אַ טרוקענער הוסט?

— יאָ, אַ טרוקענער. — ענטפערט קוים מר. גלאַנץ.

— װען איר הוסט טוט אייך װיי?

— ס'טוט װיי.

— װו פילט איר די װייטיקן?

— אין האַלדז, אָט אָ דאָ! — האָט מר. גלאַנץ אָנגעוויזן.

— גוט. כ׳וועל איך פאַרשרייבן פּילן, וועט איך לייכטער ווערן. און דער דאָקטאָר איז אוועק.

די נייע רפואה האָט קנאַפּ וואָס געהאָלפן. דער הוסט האָט אָנגעהאַלטן, נאָך שטאַרקער געמוטשעט מר. גלאַנצן. דאָס הארץ און אלע אברים האָבן אים שטאַרק ווײ געטאָן און געצויגן ווי מיט צוואַנגען.

קאַרגע צוויי וואָכן איז מר. גלאַנץ געלעגן אין בעט אין געהאַקטע צרות. זיין פרוי איז געווען זייער באַאומרואיקט און נישט געוווסט וואָס צו טאָן. זי האָט ווידער גערופן דעם דאָקטאָר. ווען דער דאָקטאָר איז געקומען האָט ער געטראָפן מר. גלאַנצן שטאַרק אויסגעמאַטערט פון הוסטן, האָט ער אים ווידער פאַרשריבן א רפואה. אויך די פרישע רפואה האָט אויף א האָר נישט געהאָלפן, אפשר נאָך ערגער געמאַכט. דער חולה האָט נאָך מער געהוסט און זיין פרוי האָט זיך דערשראָקן זעענדיק ווי איר מאַן ליגט אָפּגעשוואַכט ווי אַ שטיק ליים. זיין אָטעם האָט זיך פאַרהאַקט און ער האָט שווער געאָטעמט ווי אַ לאָקאָמאָטיוו.

מרס. גלאַנץ האָט גיך גערופן דעם דאָקטאָר. ווען ער איז געקומען האָט ער זיך צעבייזערט:

— ס׳איז קיין געפאַר־זאַך, א הוסט קאָן מען נישט אוועקנעמען מיט דער האַנט. א הוסט איז א מחלה וואָס לאָזט זיך נישט גיך היילן, עס נעמט צייט!

— יאָ, אָבער ווי לאַנג, דאָקטאָר? — האָט מרס. גלאַנץ געפרעגט. ס׳איז דאָך שוין צוויי וואָכן ווי ער הוסט!

— ס׳איז נישטאָ קיין געזעץ ווי לאַנג. א מאָל נעמט עס אַ וואָך, אמאָל צוויי, אמאָל א חודש און מער אויך.

— וואָס רעדט איר, דאָקטאָר, אזוי לאַנג? ער וועט דאָך חלילה נישט אויסהאַלטן, ער איז דאָך שוין אויס מענטש!

— דאָס איז לאַנג? — האָט דער דאָקטאָר געצויגן די ווערטער, — איך האָב פּאַציענטן וואָס הוסטן שוין דעם זיבעטן חודש, און אנדערע מער אויך. אייער מאַן איז נאָך א גליקלעכער, ער הוסט ערשט קוים צוויי וואָכן. נישטאָ וואָס זיין באַאומרואיקט... איר דאַרפט נאָר זען, עס זאָלן זיך נישט מאַכן אים קיינע קאָמפּליקאַציעס. נישט לאַנג צוריק האָב איך באַהאַנדלט מיינעם א פּאַציענט וואָס הוסט שוין פינף חדשים. יענער וואָלט זיך דורכגעדרייט, האָט זיך אים אָבער צוגעוואָרפן אַ שטיקל קאָמפּליקאַציע וואָס איז געווען שטאַרק אַגרעסיוו און נעבעך אים מיטן הוסט בייגעקומען! — — —

פלוצלינג האָט זיך דער חולה שטאַרק פאַרהוסט, ער איז געוואָרן געל און בלוי, געדרייט זיך אין דרייען. דער דאָקטאָר האָט געהאלטן זיין פּולס און זיך אָפּגערופן צו זיין פרוי:

— זייט נישט באַאומרואיקט, מרס. גלאַנץ. ער איז אָלרייט, ס׳איז נאָר דער הוסט, דער הוסט...

# רעוומאַטיזם

רעדט זיך איינער פאַר מיר אויס:

נישט פאַר איך געדאַכט, איך בין א שוואַכער מענטש: כ׳האָב שוואַכע פיס, שוואַכע אויגן, שוואַכע ציינער, שוואַכע נערוון, אַ שוואַכן מאָגן, אַ שוואַך הארץ. צו דעם אַלעם האָב איך רעוומאַטיזם, טעררייסיס און נאָך אזעלכע אַנטיקן, וואָס זיינען נישט געזונט פאַרן מענטשן — און פאַר מיר אוודאי נישט! דער רעוומאַטיזם מיינער איז גראָד נישט קיין שוואַכער, ס׳איז א געזונטער רעוומאַ־טיזם. עס דרייט מיר אויס הענט און פיס. כ׳האָב שוין אויסגענוצט כלערליי סגולות מיט רפואות פון דאָקטוירים און זיי העלפן ווי אַ טויטן קוגל עסן!

לעצטנס האָט מיך אַ דאָקטאָר געפיקסט מיט אַ דייעט. למען השם נישט עסן קיין פעטע זאַכן: קיין קוכן, טשאָקאָלאַד, לאָקשן־יויך, געפילטע קישקע, צימעס. אפילו אַ שטיקל ווייסע בולקע מיט פוטער האָט מיר דער מערזאַוויעץ, דער דאָקטאָר, אויך פאַרבאָטן!

דעם אמת זאָגנדיק איז פאַר אזא מענטש ווי איך נישט לייכט צו שיידן זיך מיט די אַלע מאכלים. איך בין נישט דאקעגן דעם דאָקטאָרס דייעט, אָבער זאָל ער מיר נישט אוועקרויבן מיין קעז־קוכן, מיין לאָקשן־יויך, מיינע געפילטע קישקע און צימעס! אָבער אז דער דאָקטאָר פאַרזאָגט איז דאָך נישט שייך. כ׳וועל דאָך נישט, מיט מיינע שוואַכע כוחות, זיך אָנהייבן מיט דאָקטוירים. האָב איך געפאָלגט, געליטן און געשפייזט זיך מיט ביטערע רפואות!

נאָכדעם ווי ס׳איז אריבער א שטיקל צייט, בין איך געוואָרן שטאַרק אָפּ־געצערט. כ׳בין געוואָרן דינער, און די מלבושים מיינע — גרעסער. מען האָט מיך געיאָדעט אז כ׳בין געוואָרן א גרויסער שווימער, מחמת כ׳בין אין מיינע קליידער ארומגעשווומען. נישט געקוקט אויף דעם אלעם בין איך אויף אַ האָר נישט געזינטער געוואָרן. פאַרקערט, כ׳בין נאָך מער אָפּגעשוואַכט גע־וואָרן. דער רעוומאַטיזם דרייט נאָך שטאַרקער, פונקט ווי מען וואָלט דאָרטן אריינגעשטעלט אַ ציפּ און שטעך־מאַשינדל!... מיין משפחה איז צו מיר צוגע־שטאַנען אז כ׳זאָל גיין זען אַן אַנדער דאָקטאָר, כ׳זאָל נישט זיין פאַרנאַרט און אַנטרויען דאָס לעבן מיינס בלויז צו איינעם. אמת טאקע אז א לעבן האָב איך נאָר איינס אָבער דאָקטוירים קאָן איך האָבן מער!... נו, בין איך אַוועק צו

אַ צווייטן דאָקטאָר, האָט מיך יענער באַטראַכט, אויסגעטאַפּט מיר יעדן אבר און ביינדעלע און צו מיר זיך אָפּגערופן, אויב איך וויל זיין געזונט און לעבן זאָל איך עסן — און גראָדע עסן גוטע זאַכן ווי אין פּסוק שטייט — עסן אַלץ!

דערהערט דאָס, האָב איך דעם דאָקטאָר געוואָלט כאַפּן קושן. אָבער ווען כ׳האָב דערזען דעם גרויסן ביל, דעם חשבון, וואָס ער האָט מיר אונטערגע־טראָגן, איז מיר שוין נישט געווען אזוי פריילעך און עס האָט מיר אָפּגענומען דער אפּעטיט פון קושן אים!... כ׳בין אָבער געווען צופרידן אויפצוגעבן דעם דייעט און ווידער עסן. כ׳בין געוואָרן באלד אַן אנדער מענטש. די מלבושים אויף מיר זיינען געוואָרן אויסגעפילטער און כ׳האָב אויפגעהערט אין זיי ארומ־שווימען. אָבער געזינטער בין איך נישט געוואָרן! און מיין רעוומאַטיזם האָט אויף א מינוט נישט נאָכגעלאָזט, נישט בעת כ׳בין געווען אויף א דייעט און נישט ווען כ׳האָב גענומען צוריק עסן. איך ווייס נישט פון וואַנען עס נעמט זיך צום רעוומאַטיזם אזוי פיל כוחות און געדולד שטענדיק דרייען. הפנים אז קיין אנדער אַרבעט האָט ער נישט! כ׳ווייס אז עס זיינען פאראַן מענטשן וואָס האָבן אויך אַ טבע צו דרייען: דרייען יענעם אַ מוח, דרייען אָן געשעפטן, פאַר־דרייען יענעם און זיך. אָבער מיט רעוומאַטיזם איז אנדערש, ס׳דרייט נישט קיינעם, נאָר דעם בעל־דבר אליין!... איר הערט, אז מיין רעוומאַטיזם נעמט דרייען איז דאָס אָן א סוף פולע 24 שעה אין מעת לעת, און בעת מעשה גיי איך ממש ארום א צעדרייטער! כ׳בין אויס מענטש, עס דאַכט זיך מיר, אָט־אָט ענדיק איך זיך!

מיינע פריינד זאָגן מיר, כ׳זאָל נעמען ערנסט דעם דאָקטאָר וואָס האָט מיר פאראָרדענט די דייעט. און אַנדערע זאָגן מיר, כ׳זאָל הערן דעם דאָקטאָר וואָס האָט מיר דערלויבט צו עסן. אין דער אמתן, אָבער, ווייס איך נישט וואָס מען טוט, צו וועלכן דאָקטאָרס פאראָרדענונגען זיך צוצופּאַסן. דערווייל האָלט איך זיך מיט די רפואות — און מיט די ווייטיקן!...

מיין משפחה איז שטאַרק באַאומרואיקט וועגן מיר, פילט מיך שטאַרק מיט אין מיינע יסורים: איין טאָג ראַטן זיי זען אַ דאָקטאָר וועגן מיין שוואַך האַרץ און אַ צווייטן טאָג שיקן זיי מיר צום דאָקטאָר וועגן מיין רעוומאַטיזם. זיי האַלטן אָבער אז אַ שוואַך האַרץ איז ערגער פון רעוומאַטיזם. זייער אויס־פיר איז: רעוומאַטיזם נעמט אוועק דעם שלאָף, און א שוואַך הארץ — גיט דעם דעם שלאָף, דעם אייביקן פינצטערן שלאָף!...

לעצטנס בין איך אוועק צו אַ גרויסן דאָקטאָר, אַ ספּעשיאַליסט, אַ פּראָפע־סאָר, וועלכער פאַרשטייט זיך גוט אויף יעדע חולאת, וועלכער קאָן אַ קרענק. האָט ער מיך גוט באַטראַכט און געזאָגט, אז פאר מיין רעוומאַטיזם האָט ער קיין שום רפואה נישט. דאָס בעסטע וואָלט געווען כ׳זאָל זיך אוועקכאַפּן אין די וואַרעמע בעדער מחמת כ׳מוז האָבן שוועבל. כ׳האָב אפילו געזאָגט דעם דאָק־

טאָר אז כ׳האָב א ווייב, האָט זי א מויל פּייער־שוועבל! האָט דער דאָקטאָר געלאַכט און געזאָגט, אז נישט אזא שוועבל מיינט ער. ער מיינט שוועבל־בע־דער, און מיט מיין שוואַך הארץ זאָל איך פאָרן צום ים. פאר א שוואַך האַרץ איז גוט דער ים. אָבער איך מוז גערעדענקען מיט מיין רעוומאַטיזם צו פאָרן אין די וואַרעמע בעדער!

בין איך געבליבן אין א גרויסער פאַרלעגנהייט נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן: ווי מאַכט מען דאָס, אז כ׳זאָל פאָרן מיט מיין רעוומאַטיזם צו די וואַרעמע בעדער, — און צו דער זעלבער צייט מיט מיין שוואַך הארץ — פאָרן צום ים!

דער גרויסער פּראָפעסאָר איז נישט אָפּגעטראָטן פון די אָנגעוויזענע פאַראָרדענונגען זיינע, און מיך שטרענג געוואָרנט נישט אנדערש טאָן און אויס־פירן זיינע אינסטרוקציעס: מיט דער רעוומאַטיזם זאָל איך פאָרן צו די שוועבל־בעדער, און מיטן שוואַכן הארץ מיינעם — פאָרן צום ים.

ווייס איך אָבער נישט ווי אזוי מען פאָרט צום ים און אין דער זעלבער צייט זאָל מיין רעוומאַטיזם זיך געפינען אין די שוועבל־בעדער, אָדער פאַר־קערט, ווען מיין רעוומאַטיזם וועט זיך פאָרען אין די הייסע שוועבל־בעדער זאָל מיין שוואַך האַרץ דאָרטן נישט זיין, נאָר זיין ביים ים!...

איצט האָב איך א שווערע פּראָבלעם צו לייזן. איך זוך א קלוגן מענטשן וואָס זאָל מיך ארויסהעלפן אין מיינע צרות... אפשר ווייסט עמעצער פון אזעלכן?... מיין ווונטש איז: מיין שוואַך הארץ אויסצוטוישן פאר א געזונטן — און מיין רעוומאַטיזם בין איך גרייט אוועקצוגעבן בחינם — דעם ערשטן און בעסטן שונא־ישראל!...

---

# אַ דענטיסט אַ „רייסער״

איך בין אמאָל אריין צו מיין אויגן־דאָקטאָר וועגן מיינע אויגן־גלעזער, וואָס האָבן מיך גענומען דערקוטשען און ארויסרופן קאָפּ־שמערצן. האָט מיר מיין אויגן־דאָקטאָר אויסגעפרעגט אייניקע קלאָץ־קשיות און לסוף מיך געהייסן אים ווייזן מיינע ציינער. מיט א קליין עלעקטריש לעמפל האָט ער ארייגגע־קוקט אין מיין מויל, געזוכט און געגישטערט ביז ער האָט געפונען ביי מיר אַ צאָן וואָס מוז שוין אודאי אַלט זיין מתושלח׳ס יאָרן... און ער האָט ארויס־געטראָגן אַן אורטייל, אז כ׳מוז גלייך משלח זיין אָט דעם צאָן, ווייל כ׳וועל פון אים קיין נחת שוין נישט האָבן. יעדע מינוט וואָס דער צאָן איז אין מיין מויל איז פאַר מיר אַ גרויסע געפאַר און איך שפּיל זיך מיט פייער וואָס קאָן צו יע־

דער מינוט מיך אומגליקלעך מאַכן. זאָל איך דעריבער נישט וואַרטן קיין איין מינוט און זען אַ צאָן־דאָקטאָר.

מיין אויגן־דאָקטאָר, אלס גוטער פריינד, האָט מיך רעקאָמענדירט צו אַ גוטן צאָן־דאָקטאָר. ער האָט אריינגערופן זיין „נוירס", געבעטן א טעלעפאָן־נומער, ערגעץ אָנגעקלונגען, גערעדט האַסטיק. ער האָט מיר געזאָגט אז באַלד זאָל איך גיין מיט זיין „נוירס". איך האָב זיך טאַקע געפונען אין יענערס רשות. יענע האָט מיך געבעטן מיט איר גיין. מיר זיינען ארויס פון דער געביידע, ארי־בער איבערן וועג און אריין אין א שכינותדיקער געביידע. באַלד האָבן מיר זיך געפונען אין עלעווייטאָר וואָס האָט זיך געהויבן געשווינד איבער שטאָקן.

באלד האָב איך זיך געפונען אינעם אויפנאַם־צימער פון דענטיסט. די „נוירס" פון מיין אויגן־דאָקטאָר האָט מיך פאָרגעשטעלט פאר דער „נוירס" פון צאָן־דאָקטאָר און איז אוועק. איך האָב זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן, גע־קוקט אויף די וואַרטנדיקע פאַציענטן. די „נוירס" האָט מיך געבעטן פאַרנעמען אַ פלאַץ, געפרעגט ביי מיר מיין נאָמען און וווין־אָרט. זי האָט עס פאַרשריבן אין אַ ביכל. דער צאָן־דאָקטאָר איז, ווייזט אויס, געווען פארנומען אין אן אנדער צימער, פון וועלכן עס האָט זיך געהערט א שטיל קרעכצן...

איך האָב דערוייל גענומען אריינקוקן אין די צייטונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אָנגעוואָרפן אויפן טישל נאָענט צו מיר. אָבער באלד בין איך גע־שטערט געוואָרן. פון אַנדערן צימער האָבן זיך גענומען טראָגן קולות. איז מיר געוואָרן שווער אויפן געמיט און כ'האָב שוין געהאַט חרטה אויפן עסק, און אפילו גענומען טראַכטן פון עוקר זיין. אָבער באלד האָב איך זיך באַרואיקט און זיך אויסגעמוסרט אז דאָס איז נישט שיין פאַר מיר. די קולות און דאָס קרעכצן קומען אוודאי פון אַ קינד אָדער פון אַ שוואַכער פרוי. בעת מעשה האָב איך געוואָרפן אַ בליק אויפן אַנדערן פאַציענט וואָס איז געזעסן קעגן מיר. יענער איז געווען אַ פעסטגעבויטער מאַן, געררויכערט אַ גראָבן סיגאַר און איז געזעסן גאָר גע־מיטלעך.

דערווייל האָט זיך געעפנט די טיר פון דאָקטאָרס־קאַבינעט און ס'איז פון דאָרטן ארויס אַ מיטל־יאָריקע פרוי מיט א צעפלאַמט פנים, רויט־פאַרוויינטע אויגן, געהאַלטן אַ טיכל ביים מויל פול מיט בלוט־פלעקן. די פרוי האָט זיך קוים ארויסגעשלייכט. שטום, אָן ווערטער האָב איך זיך איבערגעקוקט מיט מיין שכן. כ'האָב עפּעס געוואָלט זאָגן אָבער נישט געהאַט קיין מוט. אויך יענעמס אויסדרוק האָט זיך געענדערט. ער האָט אויפגעהערט רויכערן זיין סיגאַר. דערווייל האָט זיך געעפנט די טיר פון דאָקטאָרס צימער און עס האָט פון דאָרטן ארויסגעקוקט א פליכעוואַטער קאָפּ, און אויסגערופן:

— אריין!

דעם דאָקטאָרס „אַריין" האָט זיך דורכגעטראָגן ווי אַ שאַרפער זעג. איך האָב דערפילט מיין שכנס בליק אויף מיר. ער האָט מיך געפרעגט אויב איך וויל גיין... איך האָב זיך פאַרלוירן, נישט געוווסט וואָס ענטפערן. מיט אַ מאָל האָט זיך איבערגעחזרט דעם דאָקטאָרס רוף:

— אַריין!

מיין שכן האָט ווידער אויף מיר געקוקט און האָט זיך צו מיר אָפּגערופן:

— מיסטער, איר קאָנט גיין פאַר מיר, איך האָב גענוג צייט!..

— ניין, אַ דאַנק, — האָב איך גענומען שטאַמלען, — כ׳וויל פריער דורכ־לייענען די צייטונג. כ׳האָב שוין באַלד אַ וואָך צייט נישט געלייענט קיין צייטונג. גייט איר, איר! — האָב איך געזאָגט און אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַדעקט.

יענער האָט כלומרשט מיך באַדאַנקט און אַריין מיט פעסטע טריט אין דאָקטאָרס־קאַבינעט.

כ׳האָב קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. כ׳האָב שוין נישט געהאַט קיין לוסט צו קוקן אין צייטונג, האָב איך גענומען קוקן אויף די בילדער, אויף די ווענט. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ בילד, „שטיל־לעבן" און כ׳האָב דערויף גע־קוקט און זיך באַרואיקט א ביסל. די שאָטן־געדאַנקען זיינען א ביסל אָפּגע־טראָטן פון מיר. מיינע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דער „נוירס", וואָס איז געזעסן ביים שרייב־טיש און געשריבן.

אָבער מיטאַמאָל האָבן זיך גענומען טראָגן שרעקלעכע קולות, קולות ווי פון אַן אויפגערייצטער חיה האָבן זיך געריסן פון דאָקטאָרס צימער. אויפן ערשטן מאָמענט האָב איך געהאַט פאַרגעסן ווו איך געפין זיך. כ׳האָב זיך באַלד ארומגעזען ווו איך בין, איז מיר ווידער אומהיימלעך געוואָרן. כ׳האָב געוואָלט מאַכן פליטה איז אָבער די „נוירס" געזעסן אנטקעגן און איז געווען אַ שטער אין אויספירן מיין פּלאַן.

אָבער די קולות האָבן זיך אַלץ העכער געטראָגן. כ׳האָב גענומען מאכן דעם טרויעריקן בילאַנס: אויב אזא געזונטער מאַן מאַכט אזעלכע יעלות, איז וואָס וועט שוין זיין מיט מיר... כ׳האָב געקוקט צו דער טיר, אָבער דער קאַל־טער בליק פון דער „נוירס" האָט מיך צוגעשמידט צום שטול און בין געזעסן אומבאהאָלפן...

פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ קלונג פון דאָקטאָרס קאַבינעט. אלע אברים זיינען מיר ווי געליימט געוואָרן. כ׳האָב געמיינט אז דאָס מיינט מען שוין מיך... דער קלונג איז גאָר געווען פאַר דער „נוירס". זי איז אריין צום דאָקטאָר, די קולות האָבן זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. דאָ האָט מיין געדולד געפּלאַצט. כ׳האָב זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און געלאָזט זיך לויפן צו דער טיר. כ׳בין ארויס אין קאָרידאָר און צו צום עלעווייטאָר. אויף מיין אומגליק איז

די ליפּט נישט געוועזן טעטיק. כ׳האָב געדריקט דאָס אויטאָמאַטישע קנעפּל מיט אַלע כוחות, אָבער די ליפּט איז נישט געקומען. האָב איך זיך געלאָזט לויפן פון זעקסטן שטאָק אין איין אָטעם און ענדלעך ארויס אין דרויסן...

* * *

עטלעכע טעג נאָכדעם באַקום איך אַ בריוו — אַ חשבון פון צאָן־דאָקטאָר. ער מאָנט פון מיר געלט. האָב איך זיך נישט געפּוילט און אַוועק אים זאָגן אז ער האָט דאָך אפילו נישט אריינגעקוקט מיר אין מויל אריין.

דער צאָן־דאָקטאָר האָט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— הם, אייער זיין ביי מיר ווערט פאררעכנט ווי אַ וויזיט. איבעריקנס זעצט זיך אויפן שטול און כ׳וועל אריינקוקן אייך אין מויל!...

כ׳האָב שוין גאָרנישט זיך געוויגערט. כ׳האָב אנשטאָט זיך זעצן אויפן שטול בעסער באצאָלט און זיך געטראַכט: יאָ, ס׳איז דער אמתער ציין־דאָקטאָר: אַ דענטיסט אַ רייסער...

---

# אויסגעמידן אַן אָפּעראַציע

עס האָט אמאָל מיר ווייז געטאָן אַ פוס, האָט מען מיר געעצהט איינצורייבן דעם פוס מיט אַ זאַלבע, מיט אזא שמירעכץ וואָס לאָזט נאָך זיך אַ שלעכטן גערוך. אַנדערע האָבן מיר געראָטן צו מאַכן זון־בעדער, ברענען זיך אונטער דער זון. בין איך געזעסן אַ סך זוניקע טעג און געברענט זיך מיטן קראַנקן פוס. כ׳בין אָפּגעגאַנגען אין אַנגסטן פון דער היץ. איך מיטן פוס זיינען שיער ניט פאַרשרפעט געוואָרן.

האָב איך אויפגעגעבן די היימישע רפואות און אוועק צו אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט מיך גוט אונטערזוכט, געטאַפּט דעם פוס ביז די שפּיץ־פינגער, מאַנעווורירט, געבויגן, געצויגן, געמאַכט מיט אים כלערליי קונצן און לסוף ארויסגעטראָגן די דיאַגנאָזע אז אומבאַדינגט מוז איך מאַכן אויפן פוס אַן אָפּעראַציע. דערהערנדיק דעם דאָקטאָרס דיאַגנאָז, האָב איך זיך דערפילט נישט איבעריק גוט און איבערגעשראָקן: דאָס וואָרט אָפּעראַציע מאַכט קיינמאָל נישט אויף מיר קיין גוטן און פריילעכן איינדרוק. בין איך, אָן אַ וואָרט, אוועק פונעם דאָקטאָר דערשלאָגן. כ׳בין אהיימגעקומען אומעטיק, מוטלאָז, פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט צום עסן. אויך דער שלאָף איז מיר פאַרוואָגלט געוואָרן. אַ חוץ וואָס עס האָט מיר ווייז געטאָן דער פוס האָב איך אַלס צוגאָב געזאָרגט זיך פון דער אָפּעראַציע.

ס׳איז אוועק א וואָך און צוויי, עס איז מיר גאַרנישט בעסער געוואָרן. מען האָט מיר געראַטן גיין זען אַ צווייטן דאָקטאָר. נישט אַלע דאָקטוירים, האָט מען מיר געזאָגט, האַלטן פון אָפּעראַציעס. איך האָב זיך אָבער געשראָקן טאָמער וועט אַן אַנדער דאָקטאָר זיין נאָך ערגער, האָב איך געליטן און געשוויגן.

איינמאָל קלינגט דער טעלעפאָן, דער דאָקטאָר פרעגט ביי מיר וואָס איך מאַך. כ׳זאָג אים ס׳איז אַלץ די זעלבע ווייטאָגן. זאָגט ער צו מיר און בעת מעשה וואָרנט אז כ׳זאָל נישט פאַרלאָזן, עס קאָן נאָך אַמאָל זיין שפּעט, איך זאָל דאָס געדענקען. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער טרעפט מיך דער דאָקטאָר אין גאַס, קוקט ער אויף מיר מיט גרויס חידוש פונקט ווי איך וואָלט געקומען פון יענער וועלט. ער ציט מיט זיינע דאַרע קרומע אַקסלען און זאָגט:

—וואָס, איר שלעפּט זיך נאָך אַלץ ארום מיטן חולהדיקן פוס? איר זייט א פאַרנאַרטער מענטש, א מאָדנער נפש זייט איר! כ׳האָב שוין פאַר דער צייט וואָס איר מאַטערט זיך אפשר צוואַנציק מענטשן געהאָלפן, צוואַנציק פיס געשניטן!

זייט דעמאָלט האָב איך געזען אויסצומיידן מיין דאָקטאָר. ווען איך האָב אים דערזען אין גאַס בין איך עוקר געוועזן, אַנטלאָפן פון אים ווי פון א פּעסט, א מגפה. און אז ער האָט ביי מיר איינמאָל געפרעגט וואָס איך מאַך, האָב איך אים נישט געענטפערט, נישט געמאַכט זיך הערן...

עס האָט שוין איינמאָל געהאַלטן דערביי, אז דער דאָקטאָר מיינער האָט מיר געוואָלט קורירן די אויערן מיינע. ער האָט נישט געקאָנט צוזען דעם צער מיינעם. האָט ער אין מיר אריינגערעדט אז ער האָט די לעצטע און מאָדערנסטע מיטלען ווי מיך היילן, נישט נאָר באַפרייען מיך פון די פוס־ווייטאָגן, נאָר אויך פון מיין טויבקייט...

האָט מיך דער דאָקטאָר געמאַטערט ווען ער האָט מיך באגעגנט: אין גאַס, אין קינאָ, אין געשעפט. כ׳בין ממש פאַרפאָלגט געוואָרן פון אים. אויך עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָט דער דאָקטאָר צו מיר גערעדט טעלעפאָניש. און אז דער טעלעפאָן פלעגט נעמען קלינגען, האָב איך שוין מער נישט געהאַט קיין לוסט נעמען דאָס טרייבל אין האַנט...

איינמאָל האָט מיך דער דאָקטאָר צופעליק באגעגנט און מיך נישט אָפּ־געלאָזט:

— וואָס פאַר אַ פאַרנאַרטער נפש איר זייט? כ׳האָב שוין אַזויפיל פיס געשניטן, ביי פיל פּאַציענטן בײדע פיס געשניטן און זיי זיינען מיר דאנקבאַר! איך ראָט אייך איר זאָלט נישט פאַרזען, נישט פאַרזען! עס קאָן נאָך זיין שפּעט. איר וועט עס באַדויערן, באַטראַכט גוט וואָס איר טוט, פאַרזעט נישט!...

מיט א פּאָר וואָכן שפּעטער איז דער דאָזיקער דאָקטאָר פון אַן אויטאָ־עקסידענט געשטאָרבן. ער איז נעבעך אוועק און וועט שוין מער קיין פיס פון

זיינע פּאַציענטן נישט שניידן... ס'איז אפשר פאר מיר און פאר אנדערע געווען אַ גליק. ווער ווייסט וויפל געזונטע פיס ער וואָלט געשניטן . . .

עס זיינען שוין יאָרן אוועק זייט יענער געשיכטע — און גאָט צו דאַנקען איך גיי ארום אויף מיינע אייגענע פיס. די דאָקטוירים פאַרזיכערן מיך, אז איך וועל מיינע פיס נוצן ווי לאַנג כ'וועל לעבן און זיי זיינען גאָרנישט אזוי שלעכט אז איך זאָל דאַרפן אָפּעראַציעס, אז מען זאָל זיי דאַרפן שניידן.

דער אויטאָ־עקסידענט פון מיין דאָקטאָר האָט אָפּגעראַטעוועט מיינע און א סך אנדערע פיס . . .

# ביים דאָקטאָר פאַר אַ טשעק־אַפּ

ס'האָט מיר אַ פריינד געראטן, איך זאָל אריינגיין צו אַ דאָקטאָר פאר אַ טשעק־אַפּ. ס'איז גוט און ס'איז זייער וויכטיק און געזונט אז אַ מענטש זאָל פון צייט צו צייט האָבן אַ דאָקטאָרישן טשעק־אַפּ, ווייל פונקט ווי מען קוקט איבער אַ מאַשין, אַ מאָטאָר אָדער ענלעכעס, אזוי אויך מוז מען פון צייט צו צייט איבערקוקן די מענטשלעכע מאַשין.

כ'האָב אפילו אויסגעלאַכט זיך פון יענעם מיט זיין עצה, בפרט ווען איך האָב געפילט, אז איך פיל זיך מיט אלע מיינע חושים הונדערט פּראָצענט גוט אין מיין געזונט.

אָבער יענער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט, האָט אין מיר געגומען אריינ־ריידן אז איך זאָל נישט לאַכן און אויך מיין לאַכן געפעלט אים גאָרנישט. ער האָט שוין געזען א סך געזונטע מענטשן וואָס האָבן געלאַכט און דער סוף זייע־רער איז גאָרנישט געווען קיין לאַכנדיקער.

האָב איך באשטימט אז מען דארף אפשר יאָ יענעם הערן בכדי יענעם און זיך אליין צופרידנשטעלן און איך וועל אריינגיין צו אַ דאָקטאָר פאַר אַ טשעק־אַפּ. זאָל ער טשעקן, דער דאָקטאָר, וויפל עס גלוסט זיך אים.

אין איין טאָג האָב איך זיך אריבערגעכאַפּט צו א דאָקטאָר, אַ היימישער דאָקטאָר. ער איז געווען מיין הויז־דאָקטאָר. שוין לאַנגע יאָרן אז איך האָב אים נישט געזען — און זינט טאַקע איך האָב יענעם דאָקטאָר נישט געזען האָב איך זיך גענומען פילן אַלץ בעסער און בעסער.

ווען נישט איצט מיין פריינד מיטן שטופּן מיך פאַר אַ טשעק־אַפּ וואָלט איך שוין האָבן פאַרגעסן אז אויף דער וועלט זיינען פאַראַן דאָקטוירים. איצט געפין איך זיך אין קאַבינעט פון מיין אמאָליקן דאָקטאָר. ער באַטראַכט מיך

מיט אַ שמייכל, עפּעס אַ מאָדנער שמייכעלע איז עס וואָס מיר געפעלט עס נישט.

קיינמאָל פריער האָט דער דאָקטאָר מיך אזוי לאַנג נישט באַטראַכט, ווי ער האָט געטאָן דאָס מאָל. קיינמאָל פריער האָט ער מיך אזוי לאַנג נישט גע־האַלטן, אזוי פיל נישט געקנאָטן און געדריקט ווי איצט. ער האָט נישט אראָפּגע־לאָזט אָן אויג פון מיר. איך האָב פּשוט מורא באַקומען אַז ער זאָל מיר חלילה קיין עין הרע נישט געבן. אין די אויגן האָט ער מיר געקוקט, פּונקט ווי מען קוקט אין די אויגן פון אַ גנב. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן ווען ער האָט מיר געקוקט אין מויל, אין האַלדז, פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס דאָרטן פאַרלאָרן.

טראַכט איך זיך: ער האָט מיך, דער דאָקטאָר, שוין לאַנג נישט געזען, וויל ער מיך גוט אָנקוקן. זאָל ער קוקן געזונטערהייט, אָבער הינטער זיין פּליי־צע האָב איך אויסגעשטעלט אַ פייג — אַ סגולה קעגן עין הרע.

נאָכדעם האָט דער דאָקטאָר מיך פאַראָרדענט צו לייגן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, שטעלן זיך אין מאָדנע פּאָזעס, בויגן זיך כורעים, אָטעמען לייכט, אָטעמען שווער. ער האָט מיט מיר גענומען ארבעטן שווער אַז כ׳האָב רחמנות באַקומען אויפן אָרעמען דאָקטאָר.

באַלד האָט ער גענומען שרייבן אַ לאַנגע מגילה אין זיין בוך און מיך צוגע־רופן און גענומען האַלטן פאַר מיר אַ גאַנצן פאָרטראַג: איר האָט זייער גוט גע־טאָן וואָס איר זייט געקומען. איר האָט אַ גליק וואָס איר זייט געקומען אין צייט. איר האָט שוין לאַנג געדאַרפט קומען פאַר אַ טשעק־אַפּ... איר דאַרפט זיך אָבער גאָרנישט שרעקן. איך האָב אויסגעפונען אַז דאָס לעבער איז ביי אייך געשוואָלן, די נירן אַ ביסל אויפגעבלאָזן און דאָס הארץ איז אַ ביסל פאַרגרעסערט געוואָרן. אָבער איר דאַרפט זיך גאָרנישט זאָרגן, איר זייט צו מיר געקומען אין צייט!

— יאָ, איר מוזט אויך זיין פאָרזיכטיק מיטן עסן, — האָט דער דאָקטאָר ווייטער גערעדט, — איך וואָלט אייך געראַטן צו לעבן אויף אַ דייעט, קיין ברויט, קיין פליייש, קיין יויך, קיין שטאַרקע זאכן, קיינע געזאַלצענע עסנס, קיין זויערס, קיין שום זיסע זאכן נישט עסן. דאָס אַלץ איז פאַר אייך סם.

— איר מוזט אויך האָבן אין זינען אַז איר ליידט פון ארטרייטיס, פון רעוומאַטיזם, פון היי־בלאַדפּרעשער. אויך אייערע נערוון זיינען נישט קיין גוטע. איר מוזט זיך שטאַרק היטן. עס איז זייער גוט וואָס איר זייט אין צייט געקומען צו מיר פאַר אַ טשעק־אַפּ. איר מוזט אויפגעבן טרינקען, רויכערן, איר מוזט...

* * *

מער האָב איך שוין ניט געוואָלט הערן. איך האָב זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, האָב געכאַפּט מיין מאַנטל און בין ארויס פון דאָקטאָר׳ס קאַבינעט אָן אויפגעקאָכטער און אויפגערעגטער און איך האָב זיך געלאָזט לויפן זוכן מיין פריינד פּשוט צו פּלעטן אים דעם מוח, אים ממיתן פאַר זיינע עצות גיין צו אַ דאָקטאָר פאַר אַ טשעק־אַפּ.

# שטיינער

שטעלט אייך פאָר אז איך האָב שוין געהאַט גענוג קראַנקהייטן אין לעבן. איז דאָס נישט גענוג געווען, ס׳האָט מיר אויסגעפעלט צום רומל — שטיינער! יאָ, שטיינער! איר פרעגט, ווי איך קום צו שטיינער? זאָל איך אזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע אויב איך ווייס. סך הכל בין איך קיינמאָל קיין בויער נישט געווען, כ׳בין אויך נישט געווען קיין שטיין־האַקער, קיין שטיין־קריצער, קיין ברוקירער. כ׳האָב בכלל קיינמאָל נישט געהאַלטן פון שטיינער, אויך אפילו נישט פון בריליאַנטענע שטיינער!

אָבער איינמאָל אין מיטן א מיטוואָך־טאָג האָט זיך מיר פארגלוסט זען אַ דאָקטאָר. האָט מיין דאָקטאָר מיך באַרואיקט און געזאָגט, אז מיר איז חלילה קיין זאַך נישט. איך בין ברוך השם געזונט מיט אַלע חושים, ס׳איז אַלץ ביי מיר אין דער בעסטער אָרדענונג און כ׳בין אַ נאָרמאַלער מענטש. נאָר וואָס דען, ער, נעבעך, שרעקט זיך אז איך האָב שטיינער! ס׳איז אפילו צו גרויס גע־רעדט — שטיינער. אָבער אַ שטיינדל האָט ער ערגעץ יאָ ביי מיר אַנטדעקט, וואָס איך זאָל האָבן ווו פארבאָרגן!

ווען כ׳האָב דערהערט אז דער דאָקטאָר איז מיך חושד אין פארבאָרגענע זאַכן, איז דאָס מיר שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן. כ׳האָב שיער נישט אָנגע־שפּיגן אין זיין פּנים פאַר דער העזה צו אויסטראַכטן אזעלכעס אויף מיר, אז איך זאָל גאָר האָבן פארבאָרגן שטיינער. היות אָבער עס האָט מיר געטאָן אַ שטאַרקן שטאָך אין א זייט און מיך פארקלעמט ביים הארצן, האָב איך שוין מילדער גע־קוקט אויפן דאָקטאָר און געשוויגן!

איינמאָל דערקלערט מיר מיין דאָקטאָר אז דאָס שטיינדל מיינס געפעלט אים נישט, איך מוז דערפון וואָס גיכער פטור ווערן! טראַכט איך מיר, א שוטה, אַ יאָלד פון אַ דאָקטאָר. וואָס מ׳שטיינס געזאָגט איז דאָ פאַראַן צו געפעלן? ס׳איז דאָך נישט פון יענע שטיינער וואָס זאָלן געפעלן, ווייל נישט עס גלאַנצט, נישט עס בלישטשעט און שעמערירט. דאָס איינציקע וואָס טוט יאָ — איז ווייטיקן. נו, כ׳לעבן, ווי קאָן עס געפעלן?

פון אָנהייב האָט דער דאָקטאָר געזאָגט אז איך האָב זאַמד. ער האָט אין מיר אנטדעקט א זאַמד־מאַין. איך האָב דאָס אָפּגעלייקנט און דערקלערט אז דאָס איז נישט מיגלעך, ווייל ווי קום איך צו זאַמד, צו אַ זאַמד־מאַין! כידוע

נישט איך, נישט מיין טאַטע עליו השלום און אויך נישט מיין עלטער־טאַטע זיינען געווען זאַמד־מאַינער. דער דאָקטאָר האָט געזען אז איך בין גערעכט, האָט ער געענדערט זיין דיאַגנאָז און דערקלערט אז איך האָב אַ שטיינדל!

פון דעם שטיינדל האָט דער דאָקטאָר מיט דער צייט געזאָגט אז איך האָב שטיינער. ס׳האָט אים נישט געפּאַסט אז זיינס אַ פּאַציענט זאָל האָבן בלויז אַ שטיינדל. עפּעס קלינגט דאָס צו־אָרעם, נישטיק. עס איז פאַר מיר שע־נער, בעסער און באַקוועמער איך זאָל האָבן שטיינער!..

איז ווי איר זעט האָב איך בלית ברירה זיך ארויפגעאַרבעט פונעם זאמד אויף אַ שטיינדל און פונעם שטיינדל — אויף שטיינער. אָבער מאַכט נישט קיין טעות און מיינט נישט אז דאָס זיינען יענע שטיינער אויף וועלכע מען קריגט אַן „אָווער־דראַפט" פון באַנק־מענעדזשער. מיינע שטיינער זיינען אזעלכע וואָס האָבן נישט די ווערט פון א פּרוטה, נישט פאר מיר און נישט פאר קיינעם, דערפאַר האָבן זיי אַ ווערט פאַר מיין דאָקטאָר!

מיין דאָקטאָר גרויסט און באַרימט זיך, אז ער ספּעשיאַליזירט זיך אויף שטיינער, טאַקע אויף אזעלכע שטיינער ווי איך האָב. זיין גאַנצן לעבן, יום ולילה, פּראַקטיצירט ער אויף זיי. ער מאַכט גאָר אַ פיינעם לעבן פון די גאַל־שטיינער. אַ דאַנק זיי האָט ער זיך ארויפגעאַרבעט, איינגעהאַנדלט א פיינעם קרייסלער־אויטאָ, עטלעכע הייזער — ואחרון אחרון חביב, איינגעהאַנדלט זיך אַ שפּאָר ביסל בריליאַנטן־שטיינער!

פון דעם אלעם אָבער איז מיר אויף אַ האָר נישט בעסער געוואָרן. איך טראָג זיך אלץ ארום מיט מיינע שטיינער, פון וועלכע איך האָב ווייטיק מיט קרענק. מיין דאָקטאָר פאַרזיכערט מיך אַלץ אז ער וועט מיך אויסקורירן און כ׳וועל פון מיינע שטיינער פּטור ווערן. דערווייל ווער איך פּטור פון די עטלע־כע פונט מיינע וואָס ער נעמט פון מיר אוועק.

כ׳ווער פון מיינע שטיינער אויסגעריסן, כאַפּ אַטאַקעס, ווער שיער נישט משוגע, בעט די מיתה אויף זיך. עס ווערט מיר פינצטער אין מיטן טאָג פון זיי. און מיין דאָקטאָר, אים איז גוט מיט זיינע שטיינער, אים ווערט ליכטיק אין מיטן דער נאַכט פון זיי.

כ׳האָב אמאָל אין אַ שפּאַס א זאָג געטאָן צו אים: — דאָקטאָר, לאָמיר זיך בייטן מיט די שטיינער, נעמט אייך מיינע און גיט מיר אייערע! האָט ער מיר געזאָגט, שוין נישט אין שפּאַס, נאָר גאַנץ ערנסט. ער האָט אויף זיינע שטיי־נער שווער געארבעט. זיי זיינען אים נישט לייכט אָנגעקומען, איז דעריבער שווער אים מיט זיי זיך צו שיידן. אָבער איר, — האָט ער געזאָגט, — האָט די שטיינער אייערע לייכט באַקומען.

און סוף־סוף האַלט איך זיך טאַקע מיט די שטיינער מיינע!

# אַ „ספּעשיאַליסט“

נישט פאר אייך געדאכט לייד איך א לענגערע צייט שוין גרויסע ווייטיקן, קרעמפן פון די פיס מיינע. כ׳בין געווען פיל מאָל ביי פאַרשיידענע דאָקטוירים און ספּעשיאַליסטן, וואָס האָבן מיר געגעבן אַלערליי רפואות, פילן און זאַלבן, אָבער זיי האָבן מיר אויך אַ האָר נישט געהאָלפן. צוליב מיינע פיס־ווייטיקן בין איך געוואָרן אַ גאנצער וועטער־נביא. איך ווייס שוין פון פריער, ווען עס וועט זיין רעגן, קעלט. דערווייל אָבער איז מיר נישט גוט. צוליב דעם וואָס די פיס מיינע טוען מיר וויי, קאָן איך נישט שטיין, נישט גיין, נישט זיצן, נישט ליגן. די פיס דרייען ווי ביי „ראָק ענד ראָל“־טענצער און מיר איז גאָר נישט פריילעך.

אַנומלטן האָט אַ באַקענטער מיר געראַטן גיין צו זיין דאָקטאָר. דאָס איז נישט סתם א דאָקטאָר, נאָר א ספּעשיאַליסט מיט א גוטן נאָמען וואָס איז באַרימט און פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט דער היילונג פון פיס־ווייטיקן, קרעמפן, רעוומאַטיזם, אַטערייטיס וכדומה. ער האָט מיך שטאַרק צוגערעדט גיין צו יענעם ספּעשיאַליסט. ער איז נישט אַבי ווער א דאָקטאָר. ער איז א גרויסער מומחה אין זיין פאַך. ער וועט מיר העלפן, כ׳וועל אים זיין דאַנקבאָר. האָב איך באשלאָסן גיין צו יענעם דאָקטאָר. קארגע צוויי וואָכן האָב איך באדארפט וואַרטן אויף מיין וויזיט. איך האָב געטראַכט, אז אויב ער איז אזוי פארנומען מוז ער טאַקע זיין א גוטער דאָקטאָר, ווי מיין באַקענטער האָט מיר אים פאָרגעשטעלט.

עס איז געקומען דער באשטימטער טאָג, איך האָב זיך שוין געפונען אין דאָקטאָרס קאַבינעט און יענער האָט מיך אויסגעפרעגט פון אלף ביז תיו, ווי לאַנג איך לייד, ווי אָפט די ווייטיקן זיינען. ער האָט אלץ פארשריבן אין א גרויס בוך וואָס איז געלעגן פאר אים אויף א גרויסן שרייב־טיש. נאָכדעם האָט ער מיך אוועקגעלייגט אויף אַ בעטל און מיך גענומען באטראַכטן. געקוועטשט און געדריקט די פיס, געטאַפּט די אָדערן, מיט אַ מין העמערל האָט ער געקלעפּלט איבער די קני און לסוף זיך אָפּגערופן:

— ווי אַלט זייט איר?

— דריי און פופציק יאָר.

— יאָ, כ׳האָב פאָרויס פארשטאַנען, אז איר זייט אין דעם עלטער — האָט דער דאָקטאָר גענומען דערקלערן, — אייער מחלה האָבן אָפט מענער אין די יאָרן צווישן פופציק און זעכציק. זייט וויסן אז דאָס זיינען די געפערלעכסטע

יאָרן פאַר אַט דער קראַנקהייט. איר מוזט זיך געהעריק אויפפּאַסן, זיין געהיט. דער עיקר מוזט איר אויפגעבן רויכערן אָדער ווינציקער רויכערן. אז איר וועט ווינציקער רויכערן וועט איר ווינציקער ליידן. דער טאַבאַק וואָס איר פאַרברויכט טעגלעך איז זייער שעדלעך און איז די סיבה פון אייערע ווייטיקן אין די פיס. נעמט דאָס נישט פאַר לייכט. וויסט איר אַז לאַבאָראַטאָריע־עקספּערימענטן האָבן בפירוש באוויזן, אז טאַבאַק איז א סיבה פאר פאַרקאַל־כונג פון די אַרטעריעס אין אייערע פיס!

מיר איז געוואָרן הייס אין די גלידער מיינע, דער קאָפּ איז מיר געוואָרן שווער. איך האָב עפּעס געוואָלט זאָגן דעם דאָקטאָר, אויפקלערן, אָבער באלד האָט ער פאַרגעזעצט:

לכן, איך פאַרלאַנג איר זאָלט אויפגעבן טרינקען. געדענקט עס גוט. קיין אלקאָהאָל, אפילו נישט אין קליינע קוואַנטומס. אלקאָהאָל איז נאָך מער שעדלעך פון טאַבאַק פאַר אייער מין קראַנקהייט. געדענקט ווען איר וועט אויפגעבן דאָס רויכערן און טרינקען, וועט איר זיך פילן גאָר אַן אַנדער מענטש. איר וועט פּטור ווערן פון אייערע ווייטיקן!

נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר האָט פאר מיר אָפּגעהאַלטן זיין לעקציע, האָט ער מיר פאַרשריבן רפואות און אָנגעזאָגט:

— קויפט באַלד אָט די רפואות, אָבער געדענקט אז דאָס ערשטע מוזט איר אָפּגעבן דאָס רויכערן און טרינקען! — — —

* * *

ווען איך בין ארויס פון דאָקטאָרס קאַבינעט און שוין געווען ארויס פון זיין שטוב האָב איך צעריסן די פאַרשריבענע רפואות זיינע און געטראַכט: ער איז באמת דער אמתער ספּעשיאַליסט! — ער האָט מיך פאַראָרדנט אויפגעבן רויכערן און טרינקען, אַזוינס וואָס איך האָב קיינמאָל אין לעבן נישט פּרובירט...

---

# נערוון

ווען מיין שכן האָט דערפילט זיך באמת שוואַך, אלע אברים האָבן אים גענומען ציטערן און ער האָט באַקומען קאָפּ־שווינדל, האָט ער באַשטימט גיין זען אַ דאָקטאָר. איז ער אוועק צום דאָקטאָר. יענער האָט אים באַטראַכט, געהאַלטן דעם פּולס, געקוקט אים אין די אויגן, באקוקט אים פון אלע זייטן, געמאָסטן און געוואויגן און צו אים זיך אָפּגערופן:

— ס'איז אייך גאָרנישט, ס'איז אייערע נערוון!

דער דאָקטאָר האָט מיין שכן פארשריבן פילן מיט טאָניק. ער האָט פּינקטלעך געגומען די רפואות אָבער ס'איז נישט געוואָרן בעסער.

מיט אַ צייט שפּעטער איז מיין שכן אוועק צו אַ צווייטן דאָקטאָר און האָט פארקלאָגט זיך אז ער פילט זיך נישט גוט, ער האָט נישט קיין אַפּעטיט, עסט שוואַך, האָט נישט קיין כוח, שלאָפט נישט און איז נישט אין שטאַנד צו אַר־בעטן. דער דאָקטאָר האָט מיין שכן באַטראַכט, געפרעגט אים ווי אלט ער איז, פארשריבן אים א רפואה און דערקלערט, אז ס'איז אים חלילה גאָרנישט, ס'איז נאָר נערוון. ער האָט אָפּגעשוואַכטע נערוון. אויך אָט דעם דאָקטאָרס רפואה האָט נישט געהאָלפן. ער האָט זיך דערפילט נאָך מער שוואכער, האָט נאָך ווייניקער געגעסן און כמעט נישט געשלאָפן. ער האָט נאָך ווינציקער כוח געהאַט צו ארבעטן און איז ארומגעגאַנגען אן אויפגערעגטער, אן אומרואיקער און פאַרזאָרגטער. האָט מען געראַטן מיין שכן גיין זען אַ ספּעשיאַליסט, אַ פּראָפע־סאָר, וואָס פאַרשטייט זיך בעסער אויף אַ קרענק ווי די יונגע דאָקטוירימלעך וואָס שפּילן זיך מיט זיין געזונט און לעבן און קאָנען נישט אויסגעפינען וואָס אים איז און האָבן רק אַ גרייטן ענטפער: נערוון.

איז מיין שכן אַוועק צו אַ גרויסן ספּעשיאַליסט וואָס נעמט גרויס געצאָלט. יענער האָט אים באַפוילן זיך אויסטאָן ווי די מאַמע האָט אים געבוירן. אַ קאָרגע שעה האָט דער ספּעשיאַליסט אים געהאַלטן אונטער זיין אויג, אונ־טערזוכט, געקנאָטן, באַקוקט דעם קערפּער, די הענט און פיס, באַפוילן פאַר־מאַכן און עפענען די אויגן — און נאָך א לאַנגן ישוב הדעת האָט ער אויך ארויסגעטראָגן די דיאַגנאָזע: נערוון! ער איז אַוועק פון גרויסן פּראָפעסאָר ווי אַן אונטערגעשאָסענער, האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך. די רפו־אות וואָס דער פּראָפעסאָר האָט פארשריבן אים נעמען יעדע 3 שעה האָט ער אָפּגעזאָגט זיך פון זיי. פון כעס האָט ער אַ שמיץ געטאָן די פּילן, טאָניקס און אַנדערע רפואות. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אז מער גייט ער נישט צו דאָק־טוירים. זיי זיינען שווינדלער, פאַרשטייען אַ קרענק, זיי האָבן בלויז אַלע איין ענטפער: נערוון.

מיין שכן האָט באַקומען א חשד אז די דאָקטוירים ווילן אים יונגערהייט טרייבן פון דער וועלט. ער האָט זיי מער נישט געוואָלט קענען, גענומען האָסן זיי, נישט געוואָלט הערן פון זיי מיט זייערע רפואות — און ערשט דאַן האָט ער גענומען זיך פילן בעסער און געזינטער.

איינמאָל טרעף איך מיין שכן אין גאַס. ער האָט שפּאַצירט מיט אַ געזונטן טראָט, האָט מיר אויסגעקוקט גוט און פריילעך. האָב איך אים אָפּגעהאלטן און געפרעגט וועלכער דאָקטאָר האָט עס אים געהאָלפן. האָט יענער צעלאכט זיך אויפן קול און געזאָגט:

— וואָס? וועלכער דאָקטאָר האָט מיר געהאָלפן? קיין דאָקטאָר נישט, אויך נישט די ספּעשיאַליסטן מיט די פּראָפעסאָרן. זיי קאָנען אַ מענטשן קראַנק מאַכן. זיי האָבן דאָך אַלע איין ענטפער — נערוון! און ער האָט מיר דערקלערט, אַז זייט ער האָט אויפגעהערט באַזוכן די דאָקטוירים און נישט נעמען זייערע רפואות, האָט ער זיך גענומען פילן בעסער, געזינטער, באַקומען צוריק אַפּעטיט, עסט בעסער, אַרבעט און שלאָפט גוט, ער האָט פּשוט אָפּגעלעבט. הלוואי וואָלט ער נישט אָנגעהויבן מיט די דאָקטוירים וואָלט ער פאַרשפּאָרט פיל געלט און געזונט.

אָבער אַ גרויסן רחמנות האָט מיין שכן איצט אויף די דאָקטוירים. זייט אים איז בעסער געוואָרן איז זיי, די דאָקטוירים, נישט אַזוי גוט. עס גייט זיי מיט די פּוטער אַראָפּ: איין דאָקטאָר האָט אַפילו פאַרמאַכט זיינע קאָנסאַלטינג־רומס און געוואָרן אַ קאָמערשל־טראַוולער. אַ צווייטער האָט אָנגענומען אַ שטעלע אַלס מענעדזשער אין אַ קינאָ, און אַ דריטער דאָקטאָר, אים, נעבעך, איז נאָך ערגער: ער איז אין אַ סאַנאַטאָריום שוין דעם פערטן חודש. ער קוקט גאָרנישט גוט אויס. מיין שכן האָט געפרעגט די „נוירס” וואָס ס׳איז דער מער מיט אים, האָט זי אים קורץ געענטפערט: נערוון!...

# אַ דאָקטאָר איז אויך קראַנק

איך האָב אַ דאָקטאָר איז ער פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט אַ שוואַכער, נישט קיין צו־געזונטער, איז אַלעמאָל קראַנק. דאָ האָט ער אַ צוקילונג, דאָ ליידט ער אויף אַסטמאַ, אויף מאַגן־קראַנקייט, אויף נירן, אויף דער לעבער. ער האָט אויך אַ שוואַך האַרץ. אַז אַ קראַנקער זאָגט אים עפּעס וועגן אַ קראַנקהייט אויף וועלכער ער ליידט, זאָגט באַלד מיין דאָקטאָר אַז דאָס איז אויך זיין קראַנקהייט, ער קאָן די קרענק דורך און דורך — ער ליידט אויף איר שוין אַ סך יאָרן.

צו דעם אַלעמען האָט מיין דאָקטאָר נאָך אַ מעלה: ער איז נישט קיין גרויסער עושר און נישט קיין קליינער קבצן. אויפן ערשטן בליק מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַן אָרעמאַן. אָבער קיין אָרעמאַן קאָן ער דאָך נישט זיין. ער איז דאָך פאָרט אַ דאָקטאָר. ביי דער דאָקטאָריי מאַטערט ער זיך שוין אַ צוויי צענדלינג יאָרן און מען מוז זאָגן אַז קיין שלעכטער דאָקטאָר איז ער דווקא נישט. ער פאַרשטייט אַ קרענק...

אז מיין דאָקטאָר קומט צו מיר צופאָרן אונטערזוכן מיך, הער איך אלע מאָל ווי ער קומט צופאָרן אין מיין גאַס. זיין אויטאָ זאָגט דאָס אָן פון וויטן און שוין פאָרויס: ער האָט א פאָרדל־אויטאָ איז דאָס ערשטע קלאַס — עס מאַכט אזא טומל, אזא רויש, אז אלע שכנים קומען ארויס קוקן.

און דער דאָקטאָר מיינער איז זייער אַ באַשיידענער מענטש און מאַכט אַ קנאַפּן איינדרוק פון אַ דאָקטאָר, אָבער ער איז אַ דאָקטאָר. ער האָט דע־רויף שטודירט, אוועקגעגעבן פיל צייט, געלט און געזונט. דאָס איז טאַקע צו זען ווען מען קומט מיט אים אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט, אז ער האָט אוועקגעגעבן צייט, געלט און געזונט, ווייל ער האָט עס נישט...

ארויסקומענדיק פון זיין אָפּגעפּאָרענעם אויטאָ, וואָס מאַכט אַן איינדרוק פון א יורד, באַווייזט זיך מיין דאָקטאָר מיט אַן אלטן ברוינעם כאַלאַטל. דאָס טראָגט ער כדי פארהיטן זיין גארניטור, עס זאָל נישט ווערן אָפּגענוצט. עס האָט שוין אמאָל פּאַסירט, אז אַן ארויסשטאַרצנדיקע ספּרינג אָדער דראָט האָט שוין נישט איינמאָל צעריסן זיין בגד...

ווען מיין דאָקטאָר באַווייזט זיך אין אזא הילוך אין מיין גאַס, מיט זיינע אָפּגעטראָגענע בגדים, טראָגנדיק מיט זיך אַ וואַליזע, אין וועלכער עס געפינען זיך די מכשירים, מיינען די שכנים אז דאָס איז געקומען צו מיר א מעכאַניקער, אַן עלעקטראָטעכניקער, אַ פלאַמער אָדער אַן אנדער בעל־מלאכה. אָבער אז זיי זעען, אז ער טראָגט נעבעך אליין זיין טשעמאָדאַן, זיינען זיי זיך משער אז דאָס מוז אוודאי זיין א דאָקטאָר...

קומט אריין צו מיר מיין דאָקטאָר. ער דערנענטערט זיך צו מיין בעט. איך כאַפּ אַ בליק אויף אים און עס שניידט מיר אויס דאָס האַרץ. ער קוקט אויס זייער פאַרמאַטערט, זיין פנים איז איינגעפאַלן, בלאַס. איך בעט אים זיצן. ער זעצט זיך נאָענט צו מיר, הער איך ווי ער אָטעמט שווער און זיינע הענט צי־טערן אז עס פאַלט אים פון די הענט ארויס אלץ צו וואָס ער רירט זיך צו. פרעג איך דערשראָקן מיין דאָקטאָר:

— וואָס איז דער מער מיט אייך, הער דאָקטאָר?

— אָט, גאָרנישט. מען איז שטאַרק אויסגעמאַטערט!

— וואָס, איר ארבעט דען שווער?

— נישט אזוי שווער, אָבער — און ער האָט זיך דערביי שטאַרק פאַר־הוסט.

— אייער הוסט, ה׳ דאָקטאָר, געפעלט מיר נישט!

— מיר אויך נישט!

— איר הוסט שוין לאַנג? — פרעג איך מיין דאָקטאָר.

— שוין לאַנג. ס׳איז אַ כראָנישער הוסט!

— יאָ, כ׳ווייס, איר האָט אַ כראָנישן הוסט. אָבער היינט הוסט איר אנדערש ווי אלע מאָל! — האָב איך זיך אָפּגערופן צום דאָקטאָר.

— מיין הוסטן איז לויטן וועטער! — האָט מיר געענטפערט דער דאָקטאָר.

דערווייל נעמט דער דאָקטאָר מיך באַטראַכטן. ער שטופּט מיר דעם טערמאָמעטער אין מויל, נעמט אָן מיין פּולס, און איך פיל ווי מיין דאָקטאָר האָט היץ און זיין דופק קלאַפּט האַסטיקער פון מיינעם. רוף איך זיך אָפּ:

— ה׳ דאָקטאָר, מיר דאַכט איר האָט גרעסערע היץ פון מיר און אייער דופק קלאַפּט שטאַרקער פון מיינעם. עפּעס געפעלט איר מיר ניט מיט אייער געזונט.

— וואָס זייט איר אַ פּרויענצימער, איך זאָל אייך דארפן געפעלן! — האָט מיין דאָקטאָר אַ שפּאַס געטאָן.

— אייער שפּאַסן איז קיין שפּאַס נישט. פאָלגט מיך, דאָקטאָר, און גיט אכטונג אויף זיך. איר זייט אַ שוואַכער מענטש, זייט נישט פאַרנאַרישט און היט זיך אָפּ!

— ס׳איז לייכט זיך אָפּצורײדן „אכטונג געבן“, און וואָס איז מכוח פּרנסה? וואָס מיינט איר, כ׳בין אַ מאַנופעקטשורער אָדער אַ „ריטײערט מען“?

— פאָלגט מיך, דאָקטאָר, גייט אהיים און לייגט זיך אין בעט!

— ווער קאָן ליגן אין בעט?

— וואָס, אזוי פארנומען זייט איר?

— ניין, ווי איך לייג זיך אריין אין בעט נעמט מיך פּייניקן מיין רעוומאַ־טיזם, מיין ארטרעטיזם און הוסט!

— אויב אזוי, הער דאָקטאָר, זייט איר דאָך נעבעך גוט קראַנק. פאָלגט מיך און כאַפּט זיך אוועק אין וואָרמבאדס; איר וועט זען, ס׳וועט אייך גוט טאָן.

— ווער האָט דערויף געלט!

— איך וועל אייך אויסבאָרגן!

— ניין, איך קאָן זיך נישט דערלויבן. איך בין גענוג פאַרשולדיקט ביז איבערן האלדז! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און זיך שטאַרק פארהוסט.

— איי, אייער האלדז, דאָקטאָר, געפעלט מיר נישט. לאָזט מיך אָקאָרשט אייך אריינקוקן אין האלדז אריין!

— איך האָב קיין צייט נישט דערפאַר. לאָזט מיך אייך אונטערזוכן, איך האָב נאָך ערטער וווּ איך דאַרף גיין. ס׳איז אַ קראַנקע וועלט!

— יאָ, אַ קראַנקע וועלט, מיט קראַנקע מענטשן און מיט קראַנקע דאָק־טוירים! — האָב איך א זאָג געטאָן!

— וואָס איז, א דאָקטאָר טאָר נישט קראַנק זיין? — האָט ער זיך אויפ־גערעגט, — זייט וויסן, אז אַ דאָקטאָר איז אויך אַ מענטש!

— יאָ, יאָ, — האָב איך זיך פאַרענטפערט — איר קאָנט זיך זיין קראַנק וויפל איר ווילט. אָבער זייט נישט פאַרנאַרישט און זעט א דאָקטאָר אָדער הערט מיינע עצות: היט זיך, גייט שוין אין בעט, הערט אויף עסן, נעמט אַן אָפפיר־מיטל, מאַכט ריין אייער מאָגן!

— אַ דאַנק פאר די עצות. איך דאַרף נישט קיין אָפפיר־מיטל און איך דאַרף אויך נישט אויפהערן עסן. מיין מאָגן איז ריין — איך עס נישט!

— און וואָס איז מיט אייער בלוט־דרוק, הער דאָקטאָר? אויב איר ווילט וועל איך אייך פרוון אייער בלוט־דרוק! איך וועל אייך דאָס מאַכן בחינם. לייגט זיך אוועק, איך וועל דאָס טאָן פאַר אייך!

— איך בין שוין פארטומלט פון אייך. לאָזט מיך ענדיקן אייך אונטער־זוכן און לאָזט מיך גיין! איך זע, איר וועט מיך נאָך קראַנק מאַכן!

איך האָב מיין דאָקטאָר מער נישט געלאָזן מיך אונטערזוכן. איך האָב אויף אים רחמנות געקראָגן. איך האָב ארויסגענומען געלט, אים באצאָלט און אים געבעטן ער זאָל אויף זיך אכטונג געבן, און אויב ער וועט זיך פילן נישט גוט, זאָל ער קומען מיך זען. וואָס נאָר כ׳וועל קענען וועל איך פאַר אים טאָן...

ווען מיין דאָקטאָר איז אוועק, האָב איך געזען ווי ער האָט זיך א פאַר־מרהשחורהטער אריינגעזעצט אין זיין אַלטן פאָרדל און הוסטנדיק זיך אוועק־געלאָזט ווייטער צו זיינע קראַנקע פאַציענטן...

---

# טערקישע בעדער

עס האָט מיר אַ באַקענטער איינמאָל דערציילט וועגן די טערקישע בע־דער, ווו מען פאַרלירט געוויכט אַ דאַנק די טושן און מאסאזשן. עס קאָסט נישט פיל, עטלעכע פונט נאָר, אָבער עס האָט די ווערט. מען פאַרלירט די איבעריקע פלייש, דאָס פעטס וואָס איז אַ סכנה פארן מענטשנס געזונט. יענער האָט מיר פיל איינגערעדט איך זאָל פארזוכן די טערקישע בעדער. איך האָב נישט געהאַט קיין חשק דערצו. מיין דאָזיקער באַקענטער אָבער גייט רעגולער און פינקטלעך יעדע וואָך אין די טערקישע בעדער, פארברענגט דאָרט שעהן, אַמאָל טאָקע גאַנצע טעג. ער דערציילט מיר אלעמאָל די גרויסע מעלות פון די בעדער ווי זיי טוען אים גוט. אַלע באַצילן און קראַנקהייטן טרייבן זיי ארויס און פאַרהיטן פון אלדאָס שלעכטס. די טערקישע בעדער גיבן אים כוחות און מוט, גאָר אַן אנדער מענטש ווערט ער פון זיי. האָב איך אויך באקומען חשק

פּטור צו ווערן פון דאָס איבריקע פּעטס וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט און אין אַ שיינעם טאָג בין איך דאָרט אוועק.

ווען איך בין אריינגעקומען אין דער אזוי גערופענער טערקישער באָד האָב איך געטראָפן דאָרט פיל פון מיינע באַקענטע. זיי זיינען אלע געווען געגוג מיט פּעטקייט, מיט בעלי־הבתישע בייכלעך און גוידערס. איך האָב זיך דאָרט דערפילט ווי אַ גרינער, אָבער איך האָב געזען ווי אלע מיינע באַקענטע פילן זיך דאָרט נאָך בעסער ווי ביי זיך אין דער היים. זיי האָבן געוווסט אלע כללים ווי אָנצוגיין מיט די הייסע און קאַלטע שפּריצערס, האָבן זיך געלייגט אין דער ברייט און אין דער לענג, לויטן שולחן ערוך פון די טערקישע בעדער.

איך האָב זיך צוגעקוקט, אַלץ באַטראַכט און געטראַכט: אַ שאָד פּטרן צייט און געלט פאַר דעם אַלעם. איך האָב געזען אז די אויסגעפּילטע בייכלעך פון יענע רירן זיך נישט פון אָרט, ווערן אויף אַ האָר נישט דינער. זיי, מיינע באַקענטע, האָבן אָבער דערקלערט, אז ווען נישט די טערקישע בעדער מיט די קערפּערלעכע מאַסאַזשן, וואָלט נאָך חלילה פיל ערגער געווען מיט זיי. זיי וואָלטן זיך מערער צעוואַקסן אין דער ברייט און וואָלטן זיכער געווען ליידנ־דיקע פון פיל־לייביקייט. איך האָב סוף־סוף זיך געלאָזט פירן אין באָד אריין, זיך געלייגט אויף דער באַנק, איבערגעגעבן זיך פריי און אינגאַנצן אין רשות און אין די הענט פונעם פּעסט־געזונטן מאַסאַזשיסט, וועלכער האָט מיך געקנאָטן און געריבן מיט זיינע גראָבע הענט, שיער נישט ארויסגעקוועטשט די נשמה מיינע. אין אָנהייב האָט מיך א ביסל ווייי געטאָן פון דעם מאסאזשיסטס׳ געזונטע, מוס־קולירטע גראָבע הענט, וואָס האָבן איבער מיר געוועלטיקט מיט זייער גאַנצער שווערקייט, פּונקט ווי אַ שווערע משא וואָלט איבער מיר געמאַכט משונהדיקע קאָזשעליקעס און קונצן.

עס איז אַוועק אַ שטיק צייט. איך האָב גענומען זיך צוגעווינען און האָב אויך גענומען הנאה האָבן פון דעם אלעם, בפרט ווען נאָך אזא באָד האָט דער אַפּעטיט זיך געשטאַרקט. נאָכן באָד האָט מען געשמאַק פארביסן, נאָכדעם האָט מען זיך אויסגעצויגן אויף די ווייכע סאָפעס און גערוט כמעט ווי אין גן־עדן. האָב איך אָבער גענומען באמערקן אז איך ווער פון די טערקישע בעדער און פון די מאסאזשן, אנשטאָט דינער, גאָר גרעבער, ווי אָט אלע מיינע באָד־באַ־קענטע. כ׳האָב גענומען זיך דערשפּירן פון די הייסע און קאַלטע שפּריצן פיל שווערער ווי פריער.

איך האָב אָבער געהאַט מיטלייד אויפן מאַסאַזשיסט, וועלכער האָט אין דער גרויסער היץ געמוזט טאָן זיין שווערע אַרבעט. איך האָב גענומען באַמערקן אַנשטאָט איך זאָל ווערן דינער, ווערט ער גאָר דינער. כמעט פון ערשטן טאָג אָן האָב איך גענומען באמערקן ווי דער מאסאזשיסט פארלירט געוויכט. זיין פול־קיילעכדיק לבנה־פּנים איז געוואָרן אויסגעצויגן ווי אַ זויערע אוגערקע און זיין

פעסטער קרעפטיקער קערפער האָט געגומען איינשרומפּן. איינמאָל האָב איך געכאפּט א קורצן שמועס מיטן מאַסאַזשיסט. איך האָב זיך דערוווּסט פון אים אז נישט די וואָס קומען דאָ צו נעמען די טערקישע בעדער מיט די מאַסאַזשן ווערן דינער, נאָר גאָר די מאַסאַזשיסטן... יענער האָט מיר דערציילט אז מיט 15 חדשים צוריק, ווען ער איז דאָ אָנגעקומען אויפן פּאָסטן, האָט ער געווויגן 260 פונט, און היינט וועגט ער קוים 143 פונט. אים אַרט נישט וואָס ער פארלירט געוויכט, ערגער איז וואָס ער האָט פאַרלוירן דאָס געזונט.

איך האָב דערנאָך געטראַכט, אז עס וואָלט געווען פיל בעסער אז די וואָס קומען אין די טערקישע בעדער און ווילן פארלירן געוויכט, זאָלן ווערן מאסאַזשיסטן, און דאָס וואָלט זיי געהאָלפן פאַרלירן געוויכט...

# אַ מאָנאָלאָג פון אַ יידן...

ווי איר קוקט מיך אָן בין איך, לא עליכם, פון דער נאַטור אויף דער פעטער זייט, כ׳בין פעט! פון וואַנען דאָס פעטקייט צו מיר קומט, אסור, אויב איך ווייס, אָבער צרות דערפון האָב איך פיל. אלע לאכן פון מיר, מען רופט מיך דער קיילעכדיקער, דער אויסגעפילטער, דער דיקער, דער פעטער, דער גראָבער, דאָס פעסל און נאָך אזעלכע נעמען. כ׳הויב נישט אָן וויסן פארוואָס איך בין פעט. עסן עס איך זייער ווינציק. הפנים ס׳איז אַ נאַטור אזא, אַ פאַסקודנע נאַטור!

איך קען מענטשן וואָס זיינען דאַר ווי די שטעקנס, אָבער ווען עס קומט צום עסן האָבן זיי יענעם אפּעטיט און לאָזן ארונטער גאָר באַלעבאַטיש, זיינען מסוגל אויפצועסן א פיינקוכן פון א 10—12 אייער, א קישקע וווּרשט מיט אַ לאַבן ברויט, נאָר פעט זיינען זיי נישט. אָבער איך — איך בין פעט נישט געקוקט וואָס איך עס ווינציק! איך עס דאָך כמעט גאָרנישט! אויך בין איך נישט קיין טרינקער. כ׳טרינקט נאָך ווינציקער ווי איך עס, ווייל כ׳בין קיינמאָל אין לעבן נישט געווען קיין טרינקער און אַן אלקאָהאָליקער — אוודאי נישט. אויפן ביטערן טראָפּן קוק איך פארביטערט, און אז איך טרינק שוין אַמאָל איז דאָס אַ היימיש גלעזל טיי מיט לימענע.

איך לייד אויך געגוג צוליב מיין פעטקייט. אין אויטאָבוס קרימען זיך אלע, אז איך נעם צו פיל אָרט; אין קינאָ — אויך דאָס זעלבע. מען האָט שוין איינמאָל פון מיר גענמאָנט באַצאָלן פאר צוויי בילעטן, מחמת כ׳האָב פארנומען צוויי ערטער!..

צוליב מײַן פעטקייט לייד איך אויך פיל פון די דאָקטוירים. זיי האָבן זיך פארלייגט אויף מיר מיט דיעטעס: כ׳מעג נאָר עסן דאָס וואָס זיי ווייזן מיר אָן. כ׳טאָר אין מויל נישט נעמען קיין ברויט, קיין זופּ, נישט טועם זיין קיין קוכן, קיין געפּרעגלטע אָדער געבראָטענע מאכלים, עסן נאָר סאַלאַדן און גרינוואַרגן פּונקט ווי איך וואָלט געווען א בהמה! אויב איך וועל נישט הערן די דאָקטוירים, האָבן זיי מיך געוואָרנט, וועט מיט מיר נישט זיין גוט און כ׳וועל אין איינעם אַ טאָג פאַלן ווי אַ פליג, כ׳וועל אויסגיין אָן אַ פּיפּס...

בלית ברירה האָב איך גענומען הערן די דאָקטוירים און צופּאַסן זיך צו זייערע דיעטעס. כ׳היט זיי אָפּ ווי א פרומער ייד דאַוונען. אָבער וואָס איז די פעולה דערפון, אז עס העלפט מיר ווי אַ טויטן קוגל עסן — כ׳ווער נישט דינער. שוין חדשים אז איך עס נישט קיין ברויט, קיין יויך, קיין געבראָטנס, קיין געפילטע פיש — סאַלאַדן מיט גרינוואַרגן עס איך — און איך ווער אויך אַ האָר נישט דינער. מיר דאַכט זיך, אז כ׳ווער גאָר פעטער, און נישט אומזיסט ווילצלען זיך מענטשן איבער מיר, אז וואָס פעטער כ׳וועל ווערן, אלץ שמעלער וועל איך האַלטן...

איז טאַקע ביטער, כ׳וואַקס אין דער ברייט — און האַלט שמאָל!...

# אַ חלום

מר. בראַנד איז געוואָרן שטאַרק אומעטיק, ווען ער האָט זיך ארומגעזען, אז ער איז איינזאַם און פארלאָזן פון אלעמען. און ס'איז געווען דערפאַר וואָס ער האָט נישט באַוויזן זיך ארויפצואַרבעטן, ווערן רייך. אַלע פריינד האָט ער פאַר־לאָרן, אפילו זיינע נאָענטסטע, לאַנדסלייט און קרובים האָבן פון אים זיך דער־ווייטערט, אויסגעמיטן אים און לסוף איגנאָרירט אים נישט געוואָלט קענען.

מר. בראַנד האָט זיך ארומגעזען אז אזוי לעבן איז קיין תכלית נישט, ס'האָט קיין אינטערעס. האָט ער גענומען טראַכטן ווי אזוי אויסצובעסערן זיין לעבן, מאַכן דאָס לעבן אינטערעסאַנטער. ווי אין אַנדערע הייזער, זאָל אויך אין זיין הויז ווערן היימלעכער און מענטשן זאָלן קומען.

איינמאָל איז מר. בראַנדן אריין אַ פיינער געדאַנק: ער וועט שוין מער נישט ליידן פון איינזאַמקייט און אומעט. יאָ, מענטשן וועלן אים שוין נישט אויסמיידן, נישט אָפּקערן פון אים די קעפּ ביים באַגעגענען אים; מען וועט שוין פריינדלעך אים באַגריסן, מיט דרך ארץ ריידן צו אים, מיט קנאה און רעספּעקט. זיינע לאַנדסלייט וועלן אים שוין מער נישט רופן שלימזל, זיי וועלן שוין זען ווער מר. בראַנד איז. אויך זיינע קרובים, משפחה און נאָענטע וועלן אים רעספּעקטירן, אַנדערש ריידן צו אים. אַ גרויסע ענדערונג וועט אריינקומען אין זיין לעבן, מיט אַן אַנדער זין און טעם.

אויך מר. בראַנדס ווייב און קינדער וועלן ווערן אנדערש. מער נישט זיין אָנגעברוגזט אויף אים, נישט ריידן צו אים ווי צו א קליין מענטשעלע. עס האָט זיך מר. בראַנדס פאַנטאַזיע צעשפּילט... ער איז פאַרכישופט געוואָרן פון זיין גוטן געדאַנק וואָס איז אין אים אריין.

ער וועט אויסטראַכטן אז ער איז באַגליקט געוואָרן מיט א גרויסן גע־ווינס און וועגן דעם מאַכן פּובליסיטי. ער וועט דאָס צעקלינגען אומעטום, אָנזאָגן אז ער איז באַגליקט געוואָרן, געכאַפּט א גרויסן געווינס. ער איז אויפ־געריכט געוואָרן, רייך געוואָרן. אַ הונדערטער ביי אים היינט שפּילט קיין ראָלע נישט. זאָלן מענטשן וויסן, זאָלן זיי זען ווער מר. בראַנד איז — און פּלאַצן פון קנאה. ער איז נישט מער בראַנד דער שלימזל. פון היינט אָן איז ער מר. בראַנד דער גביר!

די פאַנטאַזיע האָט זיך נאָך גרעסער צעשפּילט ביי מר. בראַנדן, נאָכדעם ווי ער האָט צעפּויקט אין גאַס, אַנזאָגנדיק אלעמען וועגן זיין גליק, אז ער איז אויפגעריכט געוואָרן, געוואונען אַ סך געלט.

מענטשן האָבן גענומען פאַרשלאָגן מר. בראַנדן פאַרשיידענע געשעפטן, קויפן הייזער, פאַבריקן, בריליאַנטן און אנדערע ווערטפולע זאַכן. מען האָט גענומען צו אים אָפטער קומען, און אנדערע רייד האָט מען צו אים גערעדט — ווי מען רעדט צו אַ גביר...

אין שטאָט און מחוץ פון שטאָט, אויך אין אנדערע לענדער אפילו, איז מען געוווּיר געוואָרן וועגן מר. בראַנדס געווינס, וואָס ער איז אזוי אויפגעריכט געוואָרן. אומעטום האָט מען גענומען ריידן דערפון מיט גרויס קנאה. מען האָט גענומען שאַצן מר. בראַנדן אין די טויזנטער, הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען. וואָס האָבן זיי צו קאַרגן, די שאַצער?...

און מר. בראַנד האָט זיך געשמאָלצן פון פאַרגעניגן פון זיין קלוגן איינפאַל. ס'איז גוט אזא שפּיצל אָפּצוטאָן. ס'איז גוט אזוי, זאָלן מענטשן אים מקנא זיין, זאָלן זיי האָבן קרענקונג, זאָלן זיי זיך ברעכן די קעפּ מיט חשבונען וויפיל ער האָט געוואונען, וויפיל ער פאַרמעגט, וויפיל ער איז ווערט... אָבער אינגאַנצן גליקלעך איז מר. בראַנד נישט געווען מיט דער אויסטראָכטעניש זיינער.

מיט וואָכן און חדשים שפּעטער, ווען די צעפּויקטע נייעס האָט זיך דערטראָגן צו זיינע נאָענטע, משפּחה און פריינד אין לאַנד און אין אנדערע לענדער, האָט זיך באַקומען גאָר נישט קיין הימלעך בילד. ווען אָרעמע קרובים זיינען געוווּיר געוואָרן אז ער איז באַגליקט געוואָרן מיט אַ גרויסן געווינס, האָט מען אים גענומען פאַרוואַרפן מיט בריוו אין וועלכע עס זיינען אויסגעגאָסן געוואָרן ימים טרערן, בעטנדיק הילף. יענע, וואָס האָבן געוווינט נאָענט, האָבן זיך נישט געפּוילט און געקומען צו מר. בראַנדן און אפילו געפאָדערט ער זאָל זיי העלפן, ווייל אין זייער זכות איז ער אויפגעריכט געוואָרן...

אויך זיינען לאַנדסלייט געקומען בעטן שטיצע פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט, פאַר אָרעמע לאַנדסלייט. מען איז געקומען בעטן הילף פאַר ווילטעטיקע אינסטיטוציעס, אָרעמע אלמנות, יתומים, קאַליקעס, פאַר שוהלן, קאַמפּיינס, קראַנקע און נאָך און נאָך. און ווען מר. בראַנדס בעלי־חובות האָבן זיך דערוווּסט אז ער איז באגליקט געוואָרן מיט א גרויסן געווינס, זיינען זיי געקומען צו אים און געפאָדערט ער זאָל באצאָלן די חובות וואָס ער קומט. אין אָנהייב האָבן יענע גערעדט איידל, מילד, ווי עס פּאַסט ווען מען בעט א חוב פון א נגיד. אָבער לסוף האָבן זיי זיך גענומען אויפרעגן, קלאַפּן מיט די פויסטן אין טיש און פאָדערן דאָס געלט.

פאַרשטייט זיך אַז מר. בראַנד האָט חרטה געקראָגן אויף דער אויסטראַכ־טעניש מיטן געוווּנענעם געלט. ער האָט דאָס שטאַרק באַדויערט. מיט אַ צע־בראָכן האַרץ האָט ער אַלץ אָפּגעלייקנט. ער האָט זיך געבעטן מען זאָל אים אָפּלאָזן. ער האָט נישט געוווּנען קיין געלט, ער האָט דאָס אליין אויסגעטראַכט. מען האָט אים אָבער נישט געגלייבט און געהאַט אויף אים אַ חשד אַז ער וויל זיך אַרויסדרייען, פּטור ווערן ניט צו געבן קיין געלט . . .

און מר. בראַנד האָט גאָרנישט אויף קיין געלעכטער זיך אָנגעמאַכט גרוי־סע צרות. ער איז נאָך מער אומגליקלעכער און טרויעריקער געוואָרן ווי פריער, געזוכט וועגן ווי אַרויסצוקריכן פונעם פּלאָנטער, וואָס ער האָט אליין אָנגע־דרייט. אָבער דאָ איז ווידער מר. בראַנדן געשען א גרויס גליק — א גליק האָט אים געטראָפן וואָס די גאַנצע מעשה איז געווען בלויז אַן אויסטראַכטעניש...

---

# ער איז אַ גליקלעכער מענטש

דערציילט מיר אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר וועגן זיך אַז ער איז א גליקלעכער מענטש, און זיין א גליקלעכער, זאָגט ער, מיינט נישט אַז מען מוז זיין רייך, אַז מען מוז פאַרמעגן הייזער מיט שלעסער, גאָלד מיט בריליאַנטן. מען קאָן זיין גליקלעך אָן זיי. אָט, זאָגט ער, האָט ער דאָס אַלץ נישט, האָט נישט קיין רייכ־טום, קיין אוצרות, קיין געלט — און ער איז א גליקלעכער מענטש!... ער איז גליקלעך דערמיט, זאָגט ער, וואָס ער זעט אַנדערע מענטשן גליקלעך; וואָס ער זעט די ליכטיקע און שיינע וועלט; וואָס ער זעט דעם טאָג, די נאַכט, דעם הימל און שטערן, די ביימער, די גראָזן און בלומען. ער איז גליקלעך מיטן באַוווּנדערן דאָס אַלץ. אָט דאָס איז זיין גליק. אָבער זיין אייגענע וועלט איז גאָרנישט אַזאַ איי, איי, איי — נישט קיין גליקלעכע. אַז ער קומט אַהיים און זעט זיין חברה אַרומברייען, זייערע קולות לעכערן דעם הימל מיט די מוחות, זאָגט ער אַז ער האָט אַ גן־עדן. ער איז גליקלעך מיט דעם וואָס די שכנים האָבן נישט געמאַכט קיין אָנקלאַגעס. אַז ער טרעפט זיין ווייבל אַרומגיין אויף די פיס און האַלט איר מויל געשלאָסן, און דער טיש איז געגרייט מיט א ביסל זופּ, מיט אַ ביסל שאַר ירקותן, איז גאָרנישט אָפּצושאַצן זיין גליק! אַז ער האַלט זיך אויף א פּאָסטן לענגער פון א חודש איז ער א גליקלעכער מענטש. אַז דער בעל־הבית ענטפערט אים אויף זיין גוט מאָרגן און איז אים נישט משלח פונעם דזשאָב איז גאָרנישט אָפּצושאַצן זיין גליק. און אַז ער באַקומט אַ פּאַרקילונג און ליגט אָפּ בלויז דריי וואָכן אין בעט איז ער צופרידן און גליקלעך. און אַז

ער מאכט דורך נישט מער ווי איינע אָדער צוויי אָפּעראַציעס אין יאָר, איז ווער קאָן זיך גלייכן צו אים!

ער באַדויערט זיינע פריינד וואָס זיינען געזונט און קרענקען קיינמאָל נישט... ער פרעגט זיך: ווי קאָנען עס מענטשן אזוי לעבן? וואָס פאר אן אינ־טערעס איז דאָס אין לעבן?... ער האָט גרויס מיטלייד אויף יענע אומגליק־לעכע מענטשן...

אז ער טוט אַ קוק אויף זיך און ארום זיך — איז ער גליקלעך.

אז די קינדער שרייען עסן, און אין שטוב איז א דוחק אין דעם, איז ער גליקלעך... אן אומגליק וואָלט געווען, זאָגט ער, ווען אין שטוב וואָלט געווען צופיל עסן און די קינדער וואָלטן נישט האָבן קיין אפּעטיט. און אז די קינדער דורסן זיך, האַקן זיך אונטער די אויגן, שלאָגן זיך אויס די ציינער און מאַכן זיך בראַנד־בלאָזן איז ער גליקלעך און צופרידן. ערגער וואָלט געווען ווען די קינ־דער זיינע שלאָגן זיך נישט, מאַכן זיך נישט קיין בראַנד־בלאָזן און שלאָגן זיך נישט אויס קיין ציינער. דאָס וואָלט געווען, זאָגט ער, אַן אומגליק.

ער איז אמאָל געווען א פיינער בחור, האָט ער החתונה געהאַט מיט זיין ווייבל אויס ליבע — וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז! זי איז נעבעך א שוואַכע, אַ קרענקלעכע, ליגט מער אין בעט ווי זי גייט ארום. אָבער ער איז צופרידן. ער זאָגט, אז זיינע באַקענטע, לאַנדסלייט האָבן חתונה געהאַט מיט מיידלעך געזונטע, איז נישט פאר אים געדאַכט, זיינען זייערע געזונטע ווייבער יונג פאר דער צייט געשטאָרבן. זיין ווייב קרענקט טאַקע, איז א שברי־כלי, אָבער שטאַרבט נישט חלילה. נו, טענהט ער, איז ער נישט קיין גליקלעכער?

קיין קאָרטן־שפּילער איז ער נישט. ער שפּילט נישט אין קאָרטן, ער האָסט דאָס! צווייטנס, ווי קאָן ער שפּילן אין קאָרטן אז ער פארמעגט נישט וואָס איינצושטעלן, האָט קיינמאָל נישט קיין פּרוטה אין קעשענע, שפּילט ער דעריבער נישט — און ער איז גליקלעך...

און צוליב דעם וואָס מען ווייסט אז ער איז אַ ייד אַן אביון, קומט מען נישט צו אים. ער איז פּטור פון טיילן כיבוד, פון שטעלן זיך שיין. ער איז פּטור פון נודניקעס און פון באַריידן די גאַנצע וועלט, — און דאָס, זאָגט ער, איז זיין גרעסטער פאַרגעניגן און גליק.

הכלל, ער איז אַ גליקלעכער מענטש...

# שיער ניט אַ שרפה

—עפּעס קוקט איר מיר אויס שטאַרק אומעטיק, וואָס איז געשען?

— וואָס איז געשען? געהערט א מזל, אז ס'איז באַשערט צרות קומען זיי אין שטוב אריין! כ'האָב דאָך שיער, שיער געהאַט אַ שרפה!

— אזוי, שיעור געהאַט א שרפה?

— ס'האָט נישט קיין סך געפעלט אז מיין הויז זאָל שטיין אין פלאַמען שיער, שיער געוועזן אויס הויז.

— וואָס האָט פאַסירט?

— וואָס האָט פאַסירט? ס'האָט גאָרנישט פאַסירט, אָבער ס'האָט דאָך געקאָנט פאַסירן! ס'האָט קיין סך נישט געפעלט, אז איך זאָל בלייבן וווינען אין דרויסן!

— אזוי, בלייבן וווינען אין דרויסן?

— יאָ, בלייבן וווינען אין דרויסן!

— וואָס, אייער הויז האָט געברענט?

— ניין, נישט געברענט!

— וואָס דען, אוודאי אייער שכנס הויז?

— ניין, אויך מיין שכנס הויז האָט נישט געברענט!

— וועמענס הויז האָט געברענט?

— ס'האָט קיינעמס הויז נישט געברענט און לאָזט מיך צורו!

— וואָס זשע זייט איר אזוי צעטראָגן?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין צעטראָגן? איר אויף מיין אָרט וואָלט נאָך מער צעטראָגן געווען!

— אזוי, נאָך מער צעטראָגן געווען!

— יאָ, מער צעטראָגן געווען!

— כ'וואָלט גאָרנישט געווען צעטראָגן. אז מען איז א שוטה נעמט מען זיך יעדע קלייניקייט צום האַרצן, פון דער מינדסטער זאַך עסט מען זיך לעבעדיקערהייט!

— אוודאי, איר אויף מיין אָרט מיט מיינע צרות וואָלט אזוי שיין נישט געשמועסט!

— וואָס פאַר אַ צרות האָט איר?

— וואָס פאַר אַ צרות, איר ווייסט נישט?

— ניין, כ׳הויב נישט אָן וויסן !
— די צרות מיט דער שרפה !
— וואָס פאַר אַ שרפה ?
— איר ווייסט נישט וואָס פאַר אַ שרפה ? כ׳רייד און רייד און ער ווייסט נישט !
— נו, כ׳וויס טאַקע נישט וואָס פאַר אַ שרפה !
— וואָס פאַר אַ שרפה ? וואָס האָב איך הונדערטער שרפות ? כ׳בין נישט פון דער פייער־בריגאַדע כ׳זאָל האָבן שרפות !
— איז וואָס דרייט איר אַ מוח מיט שרפות ?
— כ׳דריי נישט קיין מוח מיט שרפות. כ׳מיין נאָר מיין שרפה !
— אזוי, אייער שרפה. איר האָט געהאַט א שרפה, אַ פייער ?
— ווער דען האָט געהאַט אַ שרפה, אַ פייער, איר ?
— גוט, ווען האָט איר געהאַט אַ פייער ?
— ווען כ׳האָב געהאַט אַ פייער ? דעמאָלט ווען כ׳האָב געהאַט די שרפה !
— געהאַט גרויסן שאָדן ?
— כ׳האָב שיעור געהאַט דעם ריכטיקן שאָדן, געהאַט גליק !
— אזוי, געהאַט גליק ? איר האָט אוודאי ארויסגעראַטעוועט אלץ ?
— ניין, נישט געראַטעוועט !
— איז וואָס פאַר אַ גליק האָט איר געהאַט ?
— כ׳האָב געהאַט גליק וואָס כ׳האָב נישט געהאַט קיין שרפה !
— נישט געהאַט קיין שרפה, איז וואָס זשע דרייט איר אַ ספאָדיק !
— כ׳האָב דאָך אָבער געקאָנט האָבן. עס האָט קיין סך נישט געפעלט איך זאָל האָבן דאָס ריכטיקע פייער !
— ס׳האָט וואָס געברענט ?
— ס׳האָט נישט געברענט !
— נאָר וואָס ?
— גאָרנישט !
— פארוואָס זשע קלאָגט איר זיך ?
— פארוואָס זאָל איך נישט קלאָגן. ווען חלילה ס׳ברענט, ס׳ברעכט אויס אַ פייער האָב איך דאָך אַ שרפה. ווילט איר אז כ׳זאָל מיט אַ שרפה טאַנצן ? !
— ס׳האָט דאָך אָבער נישט געברענט ?
— און ווען עס וואָלט יאָ געברענט וואָלט איך דאָך געהאַט אַ שרפה ! נו, פארשטייט איר שוין פאַרוואָס איך בין צעטראָגן און פארביטערט ?
— זייט איר כאָטש פארזיכערט פאר פייער ?
— אז מען איז פאַרזיכערט פאר פייער איז מען גאָרנישט זיכער. ערשט דאַן האָט מען די אמתע שרפות. נאָך דאָס פעלט מיר צו זיין פאַרזיכערט ! . . .

# אַ טויב־שטומע פרוי

ער איז געווען אַ לעבנסלוסטיקער בחור מיט שוואַרץ־פינקלדיקע אויגן, וואָס האָבן דורכגענומען אַלע פאַרבייגייענדיקע פון שיינעם מין. ער האָט גיך געקאָנט שליסן באַקענטשאַפט מיט פרויען. ער האָט דערצו געהאַט אַ געשליפן צינגל און זיך גוט אויסגעצייכנט צו פאַנגען פרויען־הערצער.

ווען ער האָט חשק געהאַט צו שליסן באַקענטשאַפט מיט אַ מיידל, איז דאָס אים נישט געווען קיין איבעריקע טירחה. איינס און צוויי האָט ער פאַרבונדן אַ שמועס, באַלד געוואָרן מיט יענער נאָענט און גענומען אַרויסגיין מיט איר.

טרעפט איינמאָל, אַז אונדזער העלד, דער לעבנסלוסטיקער בחור מיט זיינע שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, האָט אָנגעטראָפן אַ יונגע שיינע פרוי שפּאַצירן אין גאַס. האָט ער אויף איר געוואָרפן אַן אויג אָבער יענע האָט זיך ווייטער שפּאַצירט, נישט אומגעקוקט און נישט וויסנדיק זיך געמאַכט. האָט יענער ניט נאָכגעגעבן, איז פאַרלאָפן איר דעם וועג, אַריינגעקוקט איר אין די אויגן, צו איר געשמייכלט, דורכגענומען איר מיט זיין בליק. אָבער יענע האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט און ווייטער געגאַנגען גלייך ווי אַ סטרונע און געווען שווייגנדיק.

די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן. ס'איז געווען אַ שיינער זומער־טאָג, די זון האָט אָנגענעם געשיקט אירע שטראַלן. באַלד האָט זיך די יונגע פרוי דערנענטערט צום שטאָטישן פאַרק און געלאַסן דאָרטן זיך אַריינגעשפּאַצירט און באַלד ערגעץ אין אַ זייט פאַרנומען אַן אָרט אויף אַ ליידיקער באַנק.

דער בחור מיט די שוואַרץ־פינקלדיקע אויגן איז איר שטיל נאָכגעגאַנגען. ער איז אויך אַריין אין פאַרק און פאַרנומען אַן אָרט אויף דער זעלבער באַנק וווּ עס איז געזעסן יענע פרוי. ער האָט מיט אַ שמייכל געקוקט יענער אין די אויגן און געזוכט ווי צו פאַרבינדן מיט איר אַ שמועס. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין טאַש אַ פּעקל סיגאַרעטן און פאָרגעלייגט די יונגע פרוי. יענע האָט מיט אַ שמייכל געגעבן אַ צייכן, אַז זי רויכערט נישט. האָט ער אַליין פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, געלאָזט די קייקעלעך רויך פאַר זיך און דורך זיי געקוקט און ניט אַראָפּגענומען אַן אויג פון דער פרוי.

די פרוי איז געזעסן און כסדר ערגעץ געקוקט. זי האָט געקוקט אויף די פאַרבייגייענדיקע מענטשן, אויף די קינדער וואָס האָבן זיך דערנעבן געשפּילט,

געקוקט צום טייכל ווו עס זיינען שטיל געשוווּמען וואַסער־קאַטשקעס, אויף די פּאַפּירענע שיפעלעך וואָס די קינדער האָבן דאָרטן געלאָזט שווימען — און זי האָט געשוויגן.

דער לעבנסלוסטיקער בחור האָט אַלץ געזוכט צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט יענער. ער האָט זיך צו איר נענטער צוגעזעצט. זי האָט געשמייכלט און געשוויגן. ער האָט איר עפּעס געפרעגט, אָבער זי האָט אפנים געמאַכט זיך ניט הערן און געשוויגן.

האָט יענער ניט אָפּגעלאָזט און גענומען איר פרעגן רק ווער זי איז, פון וואַנען זי קומט, ווו זי וווינט און וואָס זי טוט. אָבער יענע האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פון אים און נישט געענטפערט. זי האָט ניט אויפגעהערט קוקן אויף די פאַרבייגייער און אויף די קינדער וואָס האָבן זיך געשפּילט דערנעבן.

דער בחור האָט אָבער געזוכט ווי נאָך צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט איר. געזען צו זיין פאָרזיכטיק און איידל. ער האָט איר פאָרגעלייגט אריינגיין אין גאָרטן־קאַפע עפּעס טרינקען. יענע האָט אים אָבער אָפּגעזאָגט. איז אים אריין אַ געדאַנק, ער וועט איר בעטן מיט אים גיין פאַר אַ שפּאַציר, אָבער יענע האָט אָן ווערטער אים אָפּגעזאָגט. האָט עמעצער פארבייגעטראָגן אייז־קרים, האָט ער יענעם אָפּגעשטעלט, געקויפט פון אים, און דער פרוי נעבן אים דערלאַנגט צו עסן. האָט יענע אין שווייגן געגעבן אַ צייכן אז זי עסט ניט.

איז ער געבליבן זיצן אומעטיק און גענומען טראַכטן ווי נאָך צו געווינען יענערס אויפמערקזאַמקייט, ווי נאָך צו געווינען אַ ביסל סימפּאַטיע ביי דער יונגער שיינער פרוי זי זאָל נישט זיין אזוי אָפּשטויסנדיק.

באַלד האָט ער ווידער ארויסגענומען די סיגאַרעטן און ווידער יענער פאָרגעלייגט צו רויכערן, אָבער יענע האָט ווידער שטאָלץ און שווייגנדיק געוויזן אַ צייכן אז זי רויכערט נישט. האָט ער אליין פאַר זיך פאַררויכערט, געלאָזט די וואָלקנדלעך רויך פאַר זיך, געשפּילט זיך מיט זיי. בינו לבינו האָט ער געכאַפּט אַ בליק אויף די הענט פון דער פרוי, געקוקט אויף אירע פינגער אויב זי איז נישט קיין פאַרהייראַטע פרוי. ער האָט באַמערקט ווי אירע שמאָלע לאַנגע פינגער מיט די לאַנג־אויסגעמאַניקירטע נעגל זיינען געווען פריי פון יעדן פאַרהייראַטן חשד. האָט ער נאָך מער חשק באקומען ווי צו פאַרפירן מיט איר אַ שמועס.

אָבער יענע איז געווען אזא עקשנותדיקע, אז זי האָט נישט געוואָלט ארויסריידן קיין וואָרט... זי איז געזעסן די גאַנצע צייט אַ שטאָלצע און כסדר באַאָבאַכטעט די שפּאַצירנדיקע און די ארומיקע קינדער. פון צייט צו צייט האָט זי אַ זייטיקן בליק געוואָרפן אויף אים אָבער זי האָט געשוויגן.

ער האָט ווידער גענומען פאַרפירן מיט איר אַ שמועס, ווידער געפּרווט זיין גליק. אָבער זי האָט אים איגנאָרירט, נישט געענטפערט. ער איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען, האָט נישט אויפגעהערט צו באַוואַרפן איר מיט קאָמפּלימענטן,

געהאַלטן אין איין ריידן, אָבער זי האָט געשוויגן. דאָס שווייגן האָט איר צוגע־געבן פיל חן.

איז יענער געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט שוין באַלד געהאַט אויס־געשאָסן אַלע זיינע וואָפן אויף צו פאַנגען זי. ער האָט צו איר אַזוי צערטלעך גערעדט, דערקלערט איר אַז ער האָט זי ליב. פּלוצלינג האָט ער זיך נענטער צוגעזעצט, גענומען גלעטן די הענט. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אים גענומען דערלאַנגען פּעטש, פייערדיקע פּעטש, און האָט ארויסגעלאָזט דערביי משונהדיקע קולות, אַז פון אַלע זייטן זיינען זיך מענטש צוזאַמענגעלאָפן...

* * *

שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן אַז די יונגע שיינע פרוי איז, נעבעך, געווען אַ טויב־שטומע...

# אַ קלוב פאַר איינזאַמע

מר. קליינגעלט האָט נישט איבעריק גליקלעך זיך געפילט אין זיין היים. אַ גרויסער אומעט האָט אים לעצטנס ארומגענומען יעדעס מאָל, ווען ער איז אהיימגעקומען פון זיין באשעפטיקונג. די קינדער אַלע שוין חתונה געהאט, אוועק פון דעם היים אין ווייטע געגנטן, אין אנדערע שטעט, איז אים דאָס גרוי־סע הויז זיינס געוואָרן איבעריק און אומהיימלעך.

ס׳איז דאָס הויז ביי די קליינגעלטס געוואָרן אַ פּוסטע, דער אומעט האָט זיך דאָ אריינגעריסן, גענומען ארומשפּאַצירן איבער די צימערן. מר. קליינגעלט האָט נישט געקאָנט מער איינזיצן רואיק ווי אין די אַמאָליקע צייטן; ס׳האָט אים ווי געטראָגן, געיאָגט. ער איז געווען שטאַרק נערוועז און זיין פרוי, מרס. קליינגעלט, האָט דערפון פיל געליטן.

די קינדער זיינען אַוועק און מענטשן זיינען זעלטן צו זיי געקומען. ס׳איז געוואָרן זייער אומעטיק. איז מר. קליינגעלט געזעסן אין אַ ווינקל פון צימער איבער אַ צייטונג איבער וועלכער ער האָט אָפט איינגעדרעמלט. אַזוי אויך זיין פרוי, מרס. קליינגעלט.

מיט יאָרן צוריק ווען זייערע קינדער זיינען געווען יונג איז געווען לעבע־דיק אין הויז, איז דאַן אַלץ גאָר אַנדערש געווען. דאַן איז ביי די קליינגעלטס אין הויז געווען זייער היימלעך און פריילעך, יוגנט איז געקומען אָפט צו זיי אין הויז אריין. דאָס לעבן איז געווען אינטערעסאַנט און ליב, פרייד און האָפע־נונג האָבן ארומגעשפּאַצירט איבער די צימערן.

אַנדערש איז היינט. מר. און מרס. קליינגעלט זיצן פאַראיינזאַמטע אליין אין הויז, וואָס איז זיי צו גרויס געוואָרן. די טעג און נעכט ציען זיך ווי אַן אייביקייט. מאַן און ווייב ריידן צווישן זיך ווינציק. ווען עס קומט צופאָרן זייערס אַ קינד, ברענגט עס אריין א ביסל פרייד, די שטימונג אין הויז ענדערט זיך. אָבער באַלד נאָכדעם חזר'ט זיך ווידער איבער די פריערדיקע מאָנאָטאָניקייט.

זיצט אַמאָל מר. קליינגעלט ווי געוויינטלעך און לייענט אַ צייטונג, באַמערקט ער אַ קליינעם אַנאָנס. ער שטעלט זיך אָפּ אויף אים, פאַרהאַלט זיך, בלייבט זיצן שטיל. באַלד לייענט ער ווידער דעם אַנאָנס. אין אים נעמט צירקולירן זיין בלוט, ער דערפילט זיך יינגער, שטאַרקער. עפּעס אַ יונג פלעמעלע צינדט זיך אין אים אָן...

דער קליינער אנאָנס האָט אָנגעזאָגט: מענטשן, יונגע און אלטע, מענער און פרויען וואָס זיינען איינזאַם, וואָס זוכן באַקענטשאַפט, פריינד און ווילן פאַרברענגען אָנגענעם אַן אָוונט מיט פּאַסיקע פאר זיי פּאַרטנערס, זאָלן זיך טעלעפאָניש פארשטענדיקן מיטן ניי־געגרינדעטן קלוב — „קלוב פאַר איינזאַמע". זיי וועלן זיך אויפמונטערן און גליקלעך זיין.

עטלעכע מאָל האָט מר. קליינגעלט איבערגעלייענט דעם אַנאָנס און ער האָט זיך דערפילט אַן אנדער מענטש. אין געהיים האָט ער אויסגעשניטן די גוטע מיטטיילונג, באַהאַלטן זי אין טאַש און מיט גרויסן אומגעדולד האָט ער געוואַרט אויף דער געלעגנהייט צו פארשטענדיקן זיך מיטן „קלוב פאר איינזאַמע".

אויפן צווייטן טאָג האָט שוין מר. קליינגעלט פון זיין געשעפט טעלעפאָנירט צו יענעם קלוב. א יונגע פרויען־שטים האָט מילד געענטפערט. איר שטימע האָט געקלונגען ווי שיינע מוזיק. זי האָט געפרעגט מר. קליינגעלטן זיין נאָמען, באַשעפטיקונג, עלטער און אנדערע אינפאָרמאַציעס, און לסוף האָט זי אים פארבעטן קומען אינעם „קלוב פאר איינזאַמע", ווו ער וועט זיך גאָרנישט פילן איינזאַם.

אויפן ערשטן מאָמענט איז מר. קליינגעלט געוואָרן שטאַרק צעטומלט, האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. די יונגע פרויען־שטימע האָט דערפילט אז מר. קליינגעלטס שטימע פאַרהאַקט זיך און איז געבליבן שטיל. זי האָט געזאָגט אָבער קיין ענטפער נישט באַקומען.

באַלד האָט מר. קליינגעלט באקומען צוריק זיין גלייכגעוויכט און האָט מיט מוט זיך נאָכגעפרעגט וועלכע מענטשן קומען אין קלוב. די פרויען־שטימע האָט צאַרט געענטפערט, אז אין קלוב קומען פארשיידענע מענטשן פון אַלע שיכטן, יונגע, עלטערע און אפילו גאַנץ אלטע, אָבער אלע פילן זיך אין קלוב יונג און הימלעך.

אז מר. קליינגעלט האָט דאָס דערהערט, האָט ער דורכן טעלעפאָן פאר יענער פרוי דערציילט, אז ער איז אַ פאַרהייראַטער, אַן אייגנטימער פון א גע־

שעפּט, האָט אַ פרוי מיט אויסגעגעבענע קינדער, נאָר... אים איז שטאַרק אומע־טיק און דערפאַר האָט ער חשק צו באַקענען זיך מיט עמעצען... צו פאַרברענגען אַן אָוונט. די יונגע פרוי האָט מר. קליינגעלטן צוגערעדט קומען אין קלוב און ער וועט זיין צופרידן און ס'וועט זיין זייער דיסקרעט...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז מר. קליינגעלט אוועק אויפן אָנגעוויזע־נעם אַדרעס פון „קלוב פאַר איינזאַמע מענטשן". ווען ער איז דאָרטן אָנגעקו־מען, האָט ער פריער זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן, ס'זאָל אים חלילה קיינער נישט זען. ער האָט זיך ווי אַ גנב אריינגעשלייכט אין אַ טונקל־באַלויכטענעם זאָל. ביי די זייטן זיינען געווען אָנגעשטעלט טישלעך, ארום וועלכע עס זיינען געזעסן אין א גוטער שטימונג יונגע און עלטערע מענטשן פוןביידע געשלעכטן.

אויפן ערשטן מאָמענט האָט מר. קליינגעלט זיך פארלוירן אין דער ארומיקער סביבה. ער האָט געקוקט אויף אַלע זייטן, געזוכט אויב עס זיינען נישטאָ קיין היימישע מענטשן. באַלד איז צו אים צוגעקומען אַן אויסגעפּילטער מיטליאָריקער מאַן און זיך פאָרגעשטעלט, אז ער איז דער מענעדזשער פון קלוב, און האָט געפרעגט מר. גליינגעלטן, אויב ער קאָן אים בייהילפיק זיין.

ווי פון שלאָף האָט מר. קליינגעלט זיך אַ כאַפּ געטאָן און געזאָגט, אז ער וויל דערווייל נאָר פון וויטנס זיך צוקוקן איידער ער מאַכט וועלכע באַ־קענטשאַפט. און עטלעכע מאָל אין וואָך האָט מר. קליינגעלט גענומען באַזוכן דעם קלוב פאַר איינזאַמע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרטן גאָרנישט איינזאַם געפילט...

* * *

אין מר. קליינגעלטס הויז איז דער אומעט נאָך שטאַרקער געוואָרן. מער פּוסטער איז דאָרטן געוואָרן, ווען מר. קליינגעלט איז אָפט פארשוואונדן אין די אָוונטן ביז שפּעט אין די נעכט, זאָגנדיק פוילע תירוצים זיין ווייב, אז ער האָט זייער וויכטיקע געשעפטן צו דערלידיקן, אָדער ער האָט קהלשע זיצונגען. מרס. קליינגעלט איז געבליבן אליין אין הויז, געלייענט די צייטונג, און אָפט איינגע־דרעמלט וואַרטנדיק אויף איר מאַן.

האָט פּאַסירט איינמאָל, ווען מרס. קליינגעלט האָט געלייענט די צייטונג, האָט זי אויך אָנגעטראָפן אויף דער זעלביקער מעלדונג פונעם „קלוב פאַר איינזאַמע". זי האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דעם אַנאָנס און זיך פאַר־טראַכט: אפשר איז אַ פּלאַן, ווען איר מאַן גייט צו זיינע געשעפטלעכע און קהלשע זיצונגען אויסנוצן די געלעגנהייט און זיך אָנשליסן אין יענעם קלוב בכדי נישט צעפרעסן ווערן פון דער איינזאַמקייט און אומעט?

און נישט טראַכטנדיק צופיל, האָט מרס. קליינגעלט זיך פארשטענדיקט מיטן קלוב פאר איינזאַמע. מען האָט איר געראָטן קומען. דער אָפּצאָל איז

געווען אַ צוגענגלעכער. און אין איינעם אַן אָונט, ווען מר. קליינגעלט איז אוועק צו זיינע „זיצונגען", איז מרס. קליינגעלט אוועק צום קלוב פאַר איינזאַמע...

ס'האָט אָבער דער שיקזאַל געוואָלט, אז עס זאָל געשען אַ שטיקל אומ־גליק: דער מענעדזשער פון יענעם קלוב האָט, ווי דער שטייגער, געזוכט, אז די באַקענטשאַפט פון מרס. קליינגעלט זאָל זיין אַ פּאַסיקע, מיטן צוגעפּאַסטן און ריכטיקן פּאַרטנער, און עס האָט פּאַסירט, אז דער מענעדזשער האָט איר צוזאַמענגעפירט מיט איר אייגענעם מאַן...

ווען מאַן און ווייב, מר. און מרס. קליינגעלט, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן, האָבן זיי פון גרויסער איבערראַשונג שיער נישט געחלשט... דער כיטרער און קלוגער מענעדזשער האָט זיך געכאַפּט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, האָט ער גענומען באַרואיקן און טרייסטן די צוויי אַנטוישטע — אז נישט ווייניק פאַרהייראַטע איינזאַמע מענטשן, טאָקע מאַן און ווייב, טרעפן זיך דאָ און זיינען גליקלעך. דער קלוב פאַר איינזאַמע באַשטייט טאָקע דאָס רוב פון אזעלכע איינזאמע „מעמבערס"...

---

# זיי פאַרשטייען זיך נישט...

ווען מר. ברייטבאָרד איז אהיימגעקומען האָט זיין ווייב אים באגעגנט אין אַ שטימונג אנדערש ווי אלעמאָל:

— איזאַק, כ'וויל זאָלסט אָפּזאָגן דאָס אָפּיס־מיידל!

— וואָס עפּעס פּלוצלינג?

— אזוי וויל איך!

— אָבער פאַרוואָס?

— אָן אַ פאַרוואָס!

— מאַך זיך נישט נאַריש, טייערע!

— רוף מיך נישט, טייערע.

— וואָס רעדסטו, וואָס איז געשען?

— דו מיינסט, אז מען ווייס נישט. מיינסט אוודאי כ'בין אזא נאַר און פארשטיי גאָרנישט? זאָלסט איר אָפּזאָגן!

— פאַרוואָס?

— דו מאכסט זיך געפּגרט??!

— טייערע, רייד דייטלעכער, כ'פארשטיי דיך נישט!

— גוט, כ'וועל ריידן דייטלעכער, דו זאָלסט זי אָפּזאָגן, דאָס אָפּיס־מיידל

— פאַרוואָס ?
— דו ווייסט פארוואָס !
— איך פארשטיי דיך אלץ נישט.
— אוודאי, אז עס לוינט דיר נישט צו פארשטיין !
— וואָס איז געשען, וואָס פאר א שלעכטן חלום האָסטו געחלומט ?
— שוין גאַרנישט קיין חלום, כ'ווייס אלץ !
— זאָג, וואָס ווייסטו ?
— מען האָט מיר צוגעטראָגן, אז דו לעבסט מיט דער אָפיס-מיידל !
— איך ? איך לעב מיט דער אָפיס-מיידל ?
—יאָ !
— וואָס, יאָ ?
— דו לעבסט מיט דער אָפיס-מיידל, אָדער די אָפיס-מיידל לעבט מיט דיר !...
— וואָס זשע וואָלסטו געוואָלט, אז איך זאָל זיין טויט מיט דער אָפיס-מיידל ? געוויס לעבן מיר. מיר זיינען נאָך דערוויל נישט געשטאָרבן, מיר לעבן !
— חכמה זיך ווינציקער !
— זאָל זיין אז איך לעב נישט מיט דער אָפיס-מיידל. זאָל זיין אז מיר זיינעןביידע טויט.
— דו ביסט נישט טויט, דאָס מיידל אויך נישט, איר לעבט ביידע !
— נו, זאָג איך דאָך אזוי, צו-וואָס קאָכסטו זיך ?
— מען זאָגט, אז איר ביידע לעבט צוזאַמען !
— כ'פאַרשטיי דיך ווידער נישט !
— מען זאָגט, מען האָט דיך געזען מיט איר נאָך דער ארבעט. האָסט איר באגלייט אהיים !
— דאָס אַלץ ?
— וואָס נאָך האָסטו געוואָלט ? וואָלסט אוודאי נאָך געוואָלט ארויסגיין מיט איר צוזאַמען פארברענגען ? דאָס איז נאָך ווינציק פאַר דיר, האָ ?
— פאַר מיר איז עס גענוג, נאָך צופיל. אָבער פאַר דיר איז עס ניט גענוג !
— פאַר מיר איז עס אַ גוטער באַווייז, אז איר לעבט ביידע.
— כ'האָב דאָך דיר געזאָגט אז מיר לעבן ביידע.
— וועסט אפשר אויפהערן מיט דיינע חכמות ? אַ מאַן זאָל אזוי צאַפּן דאָס בלוט !
— וואָס זאָל איך טאָן, טייערע, זאָג ? !
— כ'האָב דיר שוין געזאָגט. כ'וויל דו זאָלסט מער נישט לעבן מיט דער מיידל.

— נו, גוט, איך פארשטיי דיך. דו ווילסט איך זאָל באגיין זעלבסטמאָרד אָדער שטאַרבן, קאָן איך דיר דאָס צוליב־טאָן. אָבער ווי זאָל איך דאָס פּועלן ביי אן אומשולדיק מיידל?

— ווען דו וואָלסט געווען א גוטער און געטרייער מאן, וואָלסטו שוין וויסן ווי דאָס צו מאַכן!

— אזוי קלוג בין איך נישט!

— איך האָב געוווּסט אז דו נאַרסט מיך, איך האָב געוווּסט אז דו באַהאלסט אויס אונטער מיינע פּלייצעס, איך האָב אלץ געוווּסט, אלץ געוווּסט — —

און מרס. ברייטבאָרד האָט זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן אויף דאָס וואָס איר מאַן און די אָפיס־מיידל לעבן...

# אַ דיאַלאָג אזא

— האַלאָו, מר. גלאַנץ, גוט וואָס כ׳האָב אייך געטראָפן!

— ר׳ ייד, איר מאַכט אַ טעות, מיין נאָמען איז נישט גלאַנץ!

— אזוי, כ׳מאַך אַ טעות, איר זייט נישט מר. גלאַנץ?

— ניין!

— גערעכט, גערעכט, טאַקע נעכטן געטראָפן זיך מיט מר. גלאַנץ, גאָר פאַרגעסן. אייער נאָמען איז דאָך מר. ציבולניק!

— וואָס דרייט איר אַ מוח מיט א ציבולניק? — איך בין נישט ציבולניק און זוכט אייך אנדערע!

— איך בין היינט אזוי צעשטרייט אז כ׳פאַרגעס וואָס כ׳טו, פאַרגעס ווו כ׳גיי, פארגעס וואָס כ׳וויל, כ׳פאַרגעס וואָס איך רייד. אפילו די נעמען פון מיינע בעסטע פריינד פארגעס איך!

— ר׳ ייד, פּליז, דרייט נישט קיין ספּאָדיק און פאַרגעסט מיך אויך!

— אייך קען איך גראָד יאָ, ווי קאָן איך אייך פארגעסן? איר זייט דאָך דער אייז־קרים מאַכער, איר ווינט דאָך אין דער טרויוויל־געגנט?

— וואָס? כ׳בין נישט קיין אייז־קרים מאַכער, איך בין דאָס קיינמאָל נישט געווען און וועל דאָס קיינמאָל נישט זיין און איך וווין נישט אין טרויוויל־געגנט. לאָזט מיך צורו און טשעפּעט זיך אָפּ!

— זע נאָר, זע נאָר ווי איך מיש דאָס צונויף! איך האָב געמיינט דעם אייז־קרים מאַכער מר. צאַנק, און איר זייט דאָך מר. בלאַנק. יאָ, כ׳האָב דאָך מיט אייך זיך באַקענט אמאָל אויף אַ האָלידיי אין מיוזנבערג, אויפן פּאַוויליאָן!

— לאָזט צורו! מיין נאָמען איז נישט בלאַנק, איך קען אייך נישט, בין קיינמאָל נישט געווען אין מיוזנבערג, קיינמאָל נישט אָנגעקוקט דעם פּאַוויליאָן — און אייך אויך נישט!

— שאַ, שאַ, אַט ווייס איך שוין ווער איר זייט. יאָ, איר האָט דאָך געוווינט אַמאָל אין שכנות פון מיין טאָכטער! איר געדענקט, איר האָט מיך אַמאָל פאַר־בעטן צו אייך אין שטוב געבן אַ האַנט צו קאָרטן?!

— צו קאָרטן, מעגלעך. ווען איז דאָס געווען? וואָס איז אייער נאָמען?

— מיין נאָמען איז מר. גאַלק!

— מיין נאָמען איז מר. קראַנץ!

— אַט זעט איר שוין אז כ׳האָב נישט געמאַכט קיין טעות. איך קען אייך! באַלד פון דער ערשטער מינוט ווי איך האָב אייך באַגעגנט האָב איך געזען, אז איר זייט מיר באַקענט!

— יאָ!

— און ווי לעבט זיך אייך? וואָס מאַכט אייער משפחה? ווי גייט עס אייערע קינדער, די אייניקלעך?

— איך זע אז איר מאַכט אַלץ אַ טעות, איר מיינט אַן אַנדערן, נישט מיך! איך בין נישט דער וועגן וועמען איר רעדט!

— איך מאַך שוין גאָרנישט קיין טעות. טאַקע פון דער ערשטער מי־נוט אָן האָב איך געזען, אז כ׳מאַך קיין טעות נישט, אז דאָס זייט איר!

— יאָ, אָבער...

— וואָס איז דער יאָ און דער אָבער?

— איר פאַרשטייט, איר פרעגט זיך אויף מיין משפחה, אויף מיינע קינדער און אייניקלעך!

— נו, וואָס איז דער אומגליק אז כ׳פרעג זיך נאָך אויף זיי?

— ס׳איז קיין אומגליק נישט. אָבער כ׳האָב באַלד פון אָנהייב געזאָגט, איר מאַכט אַ טעות, אז איר מיינט אוודאי אַן אַנדערן און נישט מיך!

— פאַרוואָס זאָל איך מיינען אַן אַנדערן און נישט אייך? איר האָט דאָך געזאָגט אז אייער נאָמען איז מר. קראַנץ!

— יאָ, מיין נאָמען איז קראַנץ. נו, איז וואָס?

— זעט איר דאָך אז איך מאַך נישט קיין טעות!

— איר מאַכט יאָ אַ טעות!

— ס׳איז נישט מעגלעך!

— ס׳איז שוין יאָ מעגלעך!

— ווי אזוי?

— אַט אזוי. ווייל איך האָב קיין ווייב נישט, קיין קינדער און אייניקלעך

אוודאי נישט. כ׳בין א „סינגלמען״, א „בעטשילאר״, כ׳האָב קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און האָב דאָס אפילו נישט בדעה צו טאָן — פארשטייט איר שוין ?!

— אויב אזוי האָט איר גלייך באדארפט זאָגן, אז איר זייט נישט דער וואָס איך האָב געמיינט, נישט אומזיסט מיך באַלאַמוטשען און פטרן צייט ! ~~איר זייט נישט קיין פיינער מענטש,~~ פוי !

---

# ער קאָן נישט זאָגן : נ יי ן

איך קען א גוטמוטיקן ווילן יידן, האָט ער אַ טבע אלעמאָל זיך בארימען און זיך ארויסשטעלן וואָס פאר אַ גוטער מענטש ער איז, — קיינמאָל קאָן ער נישט זאָגן דאָס וואָרט — נ יי ן.

למשל, ווען מען קומט צו אים נאָך א גמילת חסד און מען פרעגט אים : ר׳ יאַנקל, קאָן מען ביי אייך קריגן אַ פינפערל לייען, וועט ער נישט אָפּזאָגן. ער, ר׳ יאנקל, קאָן נישט זאָגן נ יי ן, אָבער א גמילות חסד גיט ער נישט.

קומט מען צו אים נאָך צדקה זאָגט ער קיינמאָל קיינעם נישט אָפּ. ער קאָן נישט זאָגן נ יי ן — און ער גיט נישט.

בעט מען ביי ר׳ יאנקלען א טובה, איז ער נישט קיין אכזר. שטעלט ער זיך ארויס זיין איידל און פיין, ער רעדט לאַנגזאַם און זיס — ער קאָן דאָך נישט זאָגן נ יי ן.

קומט מען צו ר׳ יאנקלען וועגן הילף פאר ווילטעטיקע אינסטיטוציעס, נעמט ער אויף די שליחים פיין און איידל, רעדט צו זיי געלאסן און שיין. מען דאַרף זיך מיט אים נישט פיל אָנריידן אויך נישט איינריידן. מען דארף ר׳ יאנקלען פיל נישט בעטן, אויך דארף מען זיך מיט אים נישט דינגען. ער קאָן דאָך נישט זאָגן נ יי ן — און גיט נישט.

אלע פריינדלען זיך מיט אים, מען רעדט נישט וועגן אים קיין שלעכטס. וואָס הייסט, ער איז דאָך א ברילִיאַנטענער מענטש (ער האנדלט מיט בריליאנטן) קאָן קיינמאָל נישט זאָגן נ יי ן.

אז מען בעט אים ווערן א פרעזידענט אין שוהל, דאן וועט ער נישט זיין אזוי ג ר אָ ב און זאָגן נ יי ן.

ס׳איז אמאָל אויסגעקומען, אז מען האָט ר׳ יאנקלען געבעטן ווערן א גבאי האָט ער ווידער ארויסגעוויזן זיין איידלקייט און דאָס אָנגענומען — ער קאָן דאָך נישט זאָגן נ יי ן.

קומט מען צו אים בעטן העלפן א געפאַלענע משפחה אָדער הילף פאר אַן אָרעמער כלה, ווערט ער חלילה נישט אָפּזאָגן. אַן אומגליק, קלאָגט זיך ר׳ יאַנקל, ער קאָן נישט זאָגן ניין — אָבער ער גיט נישט...

קומט אויס צו פירן אַ דעבאַטע, א וויכוח ווערט ר׳ יאנקל זיך נישט קעגנשטעלן, נישט איינרייסן זיך מיט קיינעם. ער שטימט צו אלץ איין. ער איז נישט דער מענטש צו אַמפּערן און רייסן זיך. מיט אלץ און אלעמען איז ער איינשטימיק, ווייל ער קאָן נישט זאָגן ניין.

ר׳ יאנקל איז א פאַרמעגלעכער ייד. ער פאַרמעגט עטלעכע פיינע הייזער, האָט א גרויסן געשעפט מיט א גוטער פרנסה. ער איז שוין באזאָרגט פאר קינדס־קינדער. און אז מען פרעגט אים אויב ער וואָלט וועלן האָבן מער, קומט זיין שאַבלאָנער ענטפער: ער קאָן נישט זאָגן ניין...

איינמאָל האָט יאנקלען, נישט פאר קיין יידן געדאכט, געטראָפן אַן אומגליק: זיין יידענע איז אים געשטאָרבן. איז מען איין טאָג צו אים געקומען און געפרעגט אויב ער ווערט נישט זיין דאקעגן אויב מען ווערט אים ריידן א פיינעם שידוך. האָט ר׳ יאנקל א זיפץ געטאָן און געזאָגט, אז ער קאָן נישט זאָגן ניין.

און נאָכדעם ווען מען האָט אים געפרעגט אויב ער ווערט נישט זיין דאַקעגן ווען דאָס מיידל איז אַ יונגע, סך הכל 21 יאָר אלט, האָט ער קיין מינוט נישט געלאָזט יענע ווארטן און זיי געזאָגט — ער קאָן נישט זאָגן ניין.

קורץ נאָכדעם האָט ער, יאנקל, מיט דער יונגער מיידל געפּראַוועט א חתונה כדת וכדין. ער האָט דאָך נישט געקאָנט זאָגן ניין.

איינמאָל האָט דאָס יונגע ווייבל געפרעגט ביי איר מאַן, יאנקלען, אויב ער ווערט נישט האָבן דאקעגן, אז זי ווערט איינלאַדן איז ייִנגערע שוועסטער מיט זיי שטיין. האָט ר׳ יאנקל, ווי זיין טבע, גיך געענטפערט — ער קאָן נישט זאָגן ניין...

אָבער שפּעטער, אין א צייט ארום, האָט זיך עפּעס פּארמישט צווישן ר׳ יאַנקלען מיט זיין שוועגערין — גאָרנישט קיין פיינע געשיכטע, וועגן וועלכער מענטשן האָבן גענומען פיל ריידן און ס׳איז געקומען אפילו צו אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל. יאנקל ווייב האָט געוויינט און געקלאָגט, געבעטן אויף זיך דעם טויט. אָבער יאנקל האָט זיך געהאַלטן געלאַסן און רואיק און גוטמוטיק האָט ער געזאָגט, אז ס׳איז נישט זיין שולד, מען האָט אים איבערגערעדט, צוגערעדט. דאָס אומגליק איז געקומען נאָר דערפאַר ווייל ער קאָן נישט זאָגן ניין...

און צוליב דעם וואָס ר׳ יאנקל האָט נישט געקאָנט זאָגן ניין, האָט ער „נעבעך" פיל געליטן, נישט פאר קיין שום מענטשן געדאכט...

# אַ גלייכער שידוך...

חיים־געצל איז פאר קיין שום מענטשן געדאַכט געוואָרן נעבעך אַן אלמן מיט צוויי פאריתומטע קליינע קינדער. ער האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען און קלאָגן אויפן גרויסן אומגליק וואָס איז געשען. ער איז געוואָרן שטאַרק צוזאַמענגעבראָכן און געהאַלטן אין איין אָכצען און קרעכצן.

נאָכדעם ווי עס זיינען אָפּגעלאָפן 8—10 חדשים נאָך זיין פרוי גיטעלעס טויט האָבן באקענטע און סתם גוטע פריינד זיך אַ נעם געטאָן צו חיים־געצלען און אים געעצהט חתונה האָבן. ער איז נאָך א יונגער מענטש און קאָן אזוי נישט לעבן. ער מוז האָבן א בעל־הביתטע פארן הויז און אַ מאַמע פאר די צוויי קינדער זיינע.

אָבער חיים־געצל האָט נישט געוואָלט הערן דערפון.

נאָכדעם ווי עס איז פאַריבער נאָך א 6 חדשים האָבן חיים־געצלס באַ־קענטע פון אים נישט אָפּגעטראָטן און אָן אויפהער אין אים אריינגערעדט אז ער מוז זיך „סעטלען", ער טאָר אזוי איינזאַם נישט לעבן. ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיך און אויף די צוויי יונגע שוואַלבן זיינע.

זיי האָבן גענומען אים פאָרשטעלן פארשיידענע שידוכים, מיידלעך און ווייבלעך, יונגע גרושות און אלמנות, שיינע און מיאוסע, גוטע און שלעכטע. אָבער חיים־געצל האָט פארעקשנט געשוויגן, צו גאָרנישט איינגעשטימט און אָנגעהאלטן זיין איינזאַם לעבן.

אָבער חברה האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט, נישט געלאָזט אים רוען. טאָג און נאַכט, שבת און יום־טוב, און ביי יעדער געלעגנהייט ווען זיי האָבן געטראָפן חיים־געצלען, האָט מען מיט אים נישט אויפגעהערט ריידן מכו חאַ תכלית, און דערביי אים שטאַרק אויסגעמוסרט אז ער איז אויף זיך מיט די קינדער אַ קאַל־טער גזלן און די איינציקע רעטונג זיינע איז, ער זאָל חתונה האָבן.

אַ לענגערע צייט האָבן חיים־געצלס באַקענטע אים געפּייניקט מיט אזוינע רייד, האָט ער באַין ברירה גענומען ווערן נאָכגיביקער, געמילדערט זיין עקשנות און גענומען איינשטימען צו טאָן אַ שידוך, נאָר מיטן תנאי אז... מען זאָל אים שדכענען אַן אלמנה — אַן אלמנה מיט קינדער.

האָבן זיך זיינע באַקענטע שטאַרק דערפרייט און זיך גענומען זוכן אַן אלמנה מיט קינדער. פונקט ווי אויף צו להכעיס איז נישט געווען בנמצא

קיין אלמנה. און ווען גאָט האָט שוין געהאָלפן און עס האָט זיך שוין אויסגע־פונען אַן אלמנה, האָט זי אָבער נישט געהאַט קיין קינדער. ווען חיים־געצל איז דערפון געוואָר־געוואָרן האָט ער פון שידוך נישט געוואָלט הערן. ער האָט געטענהט, אז דאָס איז נישט פאַר אים קיין שידוך און מען זאָל אים לאָזן צורו.

— וואָס איז שלעכט דער שידוך? — האָט מען געפרעגט חיים־געצלען.

האָט חיים־געצל קורץ געענטפערט:

— אויב איך וועל חתונה האָבן איז נאָר מיט אַן אלמנה מיט קינדער, אנדערש ניט. איז אָבער נישט געווען לייכט אזא אלמנה צו געפינען. עס זיינען געווען גענוג אלמנות, אָבער גראָד אָן קינדער.

אָבער חיים־געצל האָט נישט געוואָלט פון זיי הערן. ער האָט זיך גע־האַלטן ביי זיינס — אויב חתונה האָבן איז נאָר מיט אַן אלמנה מיט קינדער...

אַ מאָדנער קאַפּריז פון אַן אַלמן!

די סיבה פאַרוואָס חיים־געצל וויל אַן אלמנה מיט קינדער האָט ער נישט געזאָגט, געהאַלטן דאָס אין זיך פאַרשלאָסן, א סוד איז דאָס געווען.

איינמאָל ווען חברה האָבן זיך צוגעזעצט צו חיים־געצלען און געבעטן דערקלערן פארוואָס ער וויל נאָר חתונה האָבן מיט אַן אלמנה מיט קינדער, האָט חיים־געצל יענע אזוי דערקלערט:

— פארוואָס איך וויל חתונה האָבן מיט אַן אלמנה מיט קינדער איז די סיבה דערפון א פּשוטע: איך וויל אַן אלמנה, ווייל איך בין אַן אלמן. אזא וועט וויסן אז זי שטייט גאָרנישט העכער פון אים —ביידע זיינען מיר אַ גלייכע פּאָר: זי אַן אלמנה און איך אַן אלמן. איצט וועגן קינדער. אז זי האָט קינדער האָב איך דאָך אויך א רעכט צו האָבן קינדער. און, פארשטייט זיך, אז זי וועט זיין געטריי אירע קינדער וועט זי אפשר אויך געטריי זיין מיינע קינדער. אויב חלילה נישט וועט טאָקע נישט טויגן. אז זי וועט זיין אומגעטריי מיינע קינדער וועל איך זיין אומגעטריי אירע קינדער און אויב זי וועט שלאָגן מיינע קינדער וועל איך שלאָגן אירע קינדער; אז זי וועט נישט געבן עסן מיינע קינדער וועל איך לאָזן הונגערן אירע קינדער; אז זי וועט זיין אַ שלעכטע פרוי צו מיינע קינדער וועל איך זיין א שלעכטער מאַן צו אירע קינדער. אויב ס׳וועט זיין גאָר ביטער און כ׳וועל מיט איר נישט קאָנען אויסקומען — איז אויס! וועלן מיר זיך שיידן. דעמאָלט וועט זי נעמען אירע קינדער און וועט זיין צוריק אַן אלמנה און איך צוריק אַן אלמן!

— איר פארשטייט, האָט חיים־געצל געזאָגט — אויב שוין חתונה האָבן מוז דאָס זיין אַ גלייכער שידוך!...

אָט אזוי האָט געטענהט חיים־געצל דער אלמן. אפנים ער איז געווען גאָרנישט קיין נאַרישער ייד.

# אַ „טבע״ פון חלשן...

עס זיינען פאַראַן פרויען וואָס האָבן זייערע וועגן און מיטלען ווי ארויס־צורופן די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע מענער. ווען זיי פארלאַנגען וואָס און ווען זיי ווילן האָבן עפּעס זיינען יענע פרויען קלוג און פאַרשטייען ווי אַנצוגיין און אָנווענדן מיטלען. פאראַן אזעלכע וואָס טוען דאָס מיט שיינע מאַנירן און מיט גוטן. און פאראַן אַנדערע פרויען וואָס טוען דאָס מיט סטראַשונקעס, מיט בייזן און מיט דעם ריכטיקן ווייבערישן לשון, אבי זייער ציל דערגרייכן.

סעראַ זאַלצמאַן וועט זיך נישט באַנוצן קעגן איר מאַן מיט באַנאַלע מיטלען. נישט זי וועט פון איר מאַן פארלאַנגען עפּעס מיט גוטן און אויך נישט מיט בייזן. זי וועט נישט שרייען, נישט טומלען און נישט סטראַשען. מרס. זאַלצמאַן איז אַן אַנדער סאָרט מענטש. זי פירט זיך אַנדערש און אויך אַן אַנ־דער מיטל ווענדט זי אָן צו געווינען איר מאַנס הארץ. זי באַנוצט זיך מיט גאָר אַ משונהדיקן מיטל — זי חלשט.

ווען מרס. זאַלצמאַן וויל זיך איינשאַפן אַ נייע זאַך, אַ קלייד, אַ מלבוש טומלט זי נישט און שרייט נישט, זי סטראַשעט נישט און וויינט נישט. זי חלשט.

ווען זי וויל האָבן אַ ניי שטיק מעבל אין הויז רעדט זי צו איר מאַן קורץ און איידל, זאָגט אים באַלד אָן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. זי דערקלערט אים ווי שיין דאָס הויז זייערס וועט אויסקוקן מיטן נייעם שטיק מעבל וואָס זיי וועלן קויפן, וויפיל אייפערזוכט און קנאה דאָס וועט ארויסרופן ביי זייערע באַקענטע און פריינד.

אָבער ווען איר מאַן, מר. זאַלצמאַן, דערקלערט איר אז ער איז נישט בכוח אנטקעגן צו קומען איר, אז זיי וועלן מוזן דערווייל זיך באַנוצן מיטן מעבל וואָס זיי האָבן, פאַרלירט נישט פיל צייט זיין פרוי. זי ווענדט אָן איר געניאַלן מיטל און זי חלשט...

דערשרעקט זיך מר. זאַלצמאַן, ער ווייסט נישט וואָס דאָ קומט פאָר. ער שרייט, טומלט און מיט זיינע קורצע און גראָבע פינגער רייסט ער אירע אויגן כדי זיי עפענען, שטופּט אַ לעפל אינעם פאַרשלאָסענעם מויל אירן, שוויצט נעבעך ביז עס געלינגט אים איר אָפּצומינטערן.

ווען מרס. זאַלצמאַן קומט צו זיך פילט איר מאַן זיך שולדיק. ער בעט איר איבער און זאָגט איר צו קויפן דאָס פאַרלאַנגטע שטיק מעבל. ער בעט איר נישט אויפרעגן זיך, צו זיין רואיק, נישט נעמען זיך צום האַרצן און נישט חלשן...

גייט פאַרביי אַ שטיקל צייט און מרס. זאַלצמאַן טראַכט זיך: איר פּלאַן איז גאָרנישט שלעכט. מען דאַרף ווידער אָנגיין אַזוי. זיצט זי און טראַכט און אירע אויגן בלאָנדזשען איבערן הויז. פאַלט איר בליק אויף די דיוואַנעס וואָס זיינען אָפּגעבלאַקירט און אויסגעריבן. באַשטימט זי וועגן דעם צו ריידן מיט איר מאַן. נאָך אָוונט־ברויט ווען מר. זאַלצמאַן איז געזעסן פאַרטיפט איבער אַ צייטונג, האָט זיך נעבן אים אַוועקגעזעצט זיין פרוי. זי האָט געקוקט אין זיינע אויגן און מיט איר דינער האַנט האָט זי א פּיר געטאָן איר זיין פליכעוואַטן קאָפּ.

— טייערע, וואָס ווילסטו? — האָט ער צעשראָקן געפרעגט.

— גאָרנישט, קיין זאַך. — האָט זי אין אַ שטילן טאָן געענטפערט.

מרס. זאַלצמאַן האָט זיך נאָענטער צוגערוקט און געזאָגט:

— טייערער, אונדזערע דיוואַנעס ווערן אַלט, זיי זיינען שטאַרק אויסגעריבן, מיר מוזן האָבן נייע דיוואַנעס. יאָ, איך האָב היינט געזען אין אַ געשעפט פּראַכטפולע דיוואַנעס און גאָרנישט פיל געלט פאַרלאַנגט מען פאַר זיי!

— מיר דאַרפן קיינע נייע דיוואַנעס נישט, אונדזערע זיינען נאָך גענוג גוט. צו די היינטיקע געשעפטן זיינען זיי נאָך צו־גוט! — האָט מר. זאַלצמאַן געענטפערט און צוריק זיך פאַרטיפט אין דער צייטונג.

זיין ווייב האָט נישט אויפגעגעבן דעם שמועס. זי האָט אָנגעהאַלטן ריידן און דערקלערן ווי וויכטיק עס זיינען די דיוואַנעס פאַרן הויז. אָבער פּלוצלינג איז זי שטיל געבליבן. מר. זאַלצמאַן איז נאָך אלץ געווען פאַרטיפט אין דער צייטונג. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און דערזען ווי זיין פרוי סעראַ זיצט אַ בלייכע מיט אַ שרעקלעכן אויסזען.

ער האָט געכאַפּט זיך ראַטעווען איר, געלייגט איר קאַלטע קאָמפּרעסן, אונטערן נאָז צוגעטראָגן שטאַרקע טראָפּנס. אים איז געלונגען אָפּצוראַטעווען איר. באַלד האָט ער ארויסגערופן אַ דאָקטאָר וואָס האָט סעראַן אונטערזוכט. זיין דיאַגנאָז איז געווען אז עס איז איר, מרס. זאַלצמאַן, חלילה קיין זאַך נישט. דאָס האַרץ איז ביי איר נאָרמאַל. נישט מער ווי נערוון, אָפּגעשוואַכטע נערוון האָט דער דאָקטער געזאָגט. ער האָט איר פאַרשריבן פּילן מיט טראָפּנס און איז אַוועק.

מר. זאַלצמאַן האָט איבערגעבעטן זיין פרוי. ער האָט שטאַרק באַדויערט און פאַרזיכערט אין דער צוקונפט זאָל דאָס מער נישט פּאַסירן. אויף צומאָרגנס זיינען אין זאַלצמאַנס הויז אויף די דילן געלעגן נייע פּראַכטפולע דיוואַנעס...

פאַרשטענדלעך אז מרס. זאַלצמאַן האָט שטאַרק הנאה געהאַט וואָס איר אויספּרובירטער מיטל העלפט. און מר. זאַלצמאַן האָט שוין געוווּסט ווען זיין פרוי חלשט וועלן נישט העלפן די פּילן מיט די טראָפּנס וואָס דער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבן. די איינציקע הילף איז אנטקעגן קומען אירע פאַרלאַנגען. דאָס איז דאָס איינציקע מיטל אז זיין פרוי זאָל נישט חלשן...

# אַ נייע סאָסייטי

ס׳איז געווען אַ זונטאָג פרימאָרגן באגעגנט מר. מאָוושאָוויטש צוויי לאַנדסלייט זיינע אין גאַס. האָבן זיי זיך מיט אים דערפרייט און געזאָגט, אַז זיי זוכן אים שוין אַ צייט. זיי האָבן וויכטיקע נייעס פאַר אים: עס האַנדלט זיך, — האָט איינער פון זיי דערקלערט, אַז ער, מר. מאָוושאָוויטש זאָל ווערן אַ מעמבער פון זייער סאָסייטי.

— וואָס פאַר אַ סאָסייטי איז דאָס? — האָט מר. מאָוושאָוויטש געפרעגט.

— ס׳איז אַ סאָסייטי פאַרן וווּיל פון מענער, פאַר פאַרהייראַטע מענער! האָט איינער פון די לאַנדסלייט דערקלערט.

— אוודאי אַ סאָסייטי צו פאַרזיכערן פון אומגליקן? — האָט מר. מאָוושאָוויטש געפרעגט.

— ניין, נישט געטראָפן! ס׳איז גאָר אַן אַנדער סאָרט סאָסייטי, פון אַן אַנדער באַדייט!

— ס׳איז אוודאי אַ סאָסייטי צו העלפן אנדערע, אויף שטיצן אינסטיטוציעס, געבן הילף פאַר מדינת ישראל?!

— ניין! — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די לאַנדסלייט — און דערביי ארויסגענומען אַ פּאַק פּאַפּירן, דרוק־בויגנס און געזאָגט — אָט לייענט איבער וועט איר זען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך!

מר. מאָוושאָוויטש האָט אָנגעטאָן זיינע ברילן, אריינגעקוקט אין די דרוק־בויגנס, אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס האַנדלט זיך. די צוויי לאַנדסלייט האָבן דאָס באַמערקט און האָבן אים קורץ געפרעגט:

— מר. מאָוושאָוויטש, איר זייט פאַרהייראַט?

— געוויס בין איך פאַרהייראַט!

— איר האָט אַ ווייב, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר?

— יאָ, כ׳האָב אַ ווייב, וואָס איז?

— אָט דאָס איז עס! איר מוזט גלייך ווערן אַ מעמבער פון אונדזער סאָסייטי! זייט וויסן אַז מיר נעמען אָן נאָר פאַרהייראַטע מענער, מענער וואָס האָבן ווייבער.

— איך פאַרשטיי אייך אַלץ נישט! — האָט מר. מאָוושאָוויטש געצויגן מיט די אַקסלען.

— מיר ווועלן אייך אויפקלערן, — האָט איינער פון די לאַנדסלייט זיך

אָפּגערופן: מיר האָבן געשאַפן אַ סאָסייטי צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון מאַן. ס'איז די אויפגאַבע אונדזערע צו זאָרגן, אז די מעמבערס אונדזערע זאָלן נישט ווערן באַוועלט פון זייערע פרויען, צו ווירקן אויף זיי אז זיי זאָלן נישט זיין קיין לעמעשקעס.

און דער צווייטער לאַנדסמאַן האָט אונטערגעהאַלטן מיט זיין באַסאָ־ווער שטימע:

— יאָ, אַ מאַן טאָר נישט זיין קיין שטעק־שוך, קיין ווייכער פּודינג, קיין פּוכלע טאָמאַטע. אַ מאַן דאַרף זיך נישט לאָזן פירן פאַרן נאָז, זיך לאָזן טרעטן פון ווייבערישן קנאַפל. אין אונדזערע סטאַטוטן האָבן מיר וויכטיקע פּונקטן ווי זיך פירן, ווי האַנדלען מיט ווייבער!

און דער צווייטער לאַנדסמאַן האָט זיך אָפּגערופן:

— ס'איז קודם כל וויכטיק, אז דער מאַן זאָל זאָרגן און זאָגן אויף אַלץ קאַפּויער וואָס דאָס ווייב זיינע טראַכט און זאָגט. וואָס מער אַ מאַן וועט אויס־פירן אָט די פּונקטן און זיך צופּאַסן צו די סטאַטוטן פון אונדזער סאָסייטי, וועט אזא באַטראַכט ווערן אלס וויכטיקער מיטגליד און וועט האָבן אַ טשאַנס צו באַ־קומען פּריזן, און אפשר אויך ווערן דער טשערמאַן פון דער סאָסייטי!

דעם ענין מאַכט קלאָרער דער ערשטער לאַנדסמאַן:

— איר פאַרשטייט, מר. מאָווישאָוויטש, למשל, אז דאָס ווייב פאַרלאַנגט וואָס פון איר מאַן דאַרף דער מאַן זיך מאַכן אויף א ווילע טויב... ס'איז א גוטע סגולה! אַ מאַן מוז געדענקען אז ער איז אַ מאַן און נישט קיין שקאַרפּעטקע, נישט לאָזן פון זיך מאַכן קיין שקלאַף. ס'איז גענוג אז אַ מאַן ארבעט, ברענגט אריין אין שטוב פּרנסה, זאָרגט, ווערט אויסגעריסן, טוט הויז־ארבעט, וואַשט ווינדעלעך פון די בייביס וכדומה!

— דער עיקר, — רופט זיך אָפּ דער אנדערער לאַנדסמאַן, — אז אַ מאַן זאָל נישט הערן זיין ווייב. למשל ווען א ווייב בעט אַ גלאָז וואַסער, זאָגט מיט אַ צעבראָכן געמיט זי פילט זיך שלעכט, האַלט ביים חלשן, דאַרף דער מאַן נישט כאַפּן איינס און צוויי דערלאַנגען דאָס גלאָז וואסער. א קלוגער מאַן דאַרף פריער זיך איבערצייגן צי זי חלשט טאַקע... און אויב זי חלשט איז אויך קיין אומגליק נישט! פאַרקערט, דאָס איז א גוטער סימן, א באַווייז אז יענע לעבט, ווייל נאָר לעבעדיקע מענטשן חלשן!...

— ווען אַ ווייב באַפעלט ברענגען עפּעס אין הויז דאַרף מען דאָס נישט אלעמאָל באלד טאָן. וואָס מען קאָן יאָ טאָן איז, ברענגען אין הויז באקענטע, פריינד. מען דארף דער ווייב דערפון נישט אָנזאָגן. ווייבער האָבן ליב סור־פּריזן. צו־וואָס א סך ריידן, איר זעט דאָך, מר. מאָווישאָוויטש, אז דאָס איז אַ וויכטיקע סאָסייטי. זאָל איך אייך פארשרייבן? אָט איז אַ בויגן, צייכנט אייער נאָמען און צאָלט איין פינף שילינג. ס'איז אַ מציאה!

מר. מאָוושאָוויטש האָט זיך געפונען אין אַ מאָדנער לאַגע. ער האָט גע־קוקט אויף זיינע לאַנדסלייט און נישט געוווסט וואָס זיי צו זאָגן. האָבן יענע געזען זיין פאַרלעגנהייט און זיך אָפּגערופן צו אים:

— איר דאַרפט אזוי פיל נישט איבערטראַכטן. מיר האָבן נישט קיין צופיל צייט. גלויבט אונדז אז דאָס איז א גוטע „פּאָליסי". נו, שרייבט אונטער, ס'איז דאָך לטובת אייך! פארגעסט נישט אז איר זייט אַ פאַרהייראַטער מענטש, אז איר האָט אַ ווייב. האָט זיך עס אין זינען! נו, מאַכט דאָס גיך, מיר האָבן נישט קיין צייט, מיר מוזן גיין אהיים, אונדזערע ווייבער וואַרטן. איר ווייסט דאָך וואָס דאָס מיינט. איר האָט דאָך אויך אַ פרוי... נו, שרייבט שוין אונטער, טראַכט נישט אזויפיל, ס'איז א גוטע „פּאָליסי", ווערט א מעמבער, שרייבט אונטער! — — —

ווער ווייסט ווי לאַנג די צוויי לאַנדסלייט וואָלטן געפּייניקט מר. מאָוו־שאָוויצן מיט זייער אידעע צו שאַפן א סאָסייטי פאר פארהייראַטע מענער און מיט זייערע וויכטיקע סטאַטוטן אויף נישט צו לאָזן זיך פירן פאַר די נעזער און זיין שקלאַפן ביי די פרויען. ס'איז אומגעריכט עפּעס אומדערוואַרט פאָרגעקומען אז די צוויי לאַנדסלייט האָבן פּלוצלינג אַוועקגעוואָרפן זייערע פּאַפּירן און סטאַ־טוטן און הכל בכל און זיינען נעלם געוואָרן. וואָס האָט פּאַסירט? גאָרנישט, אַ קלייניקייט! זיי האָבן דערזען פון ווייטן אָנקומען זייערע ווייבער...

---

# אַ צינד־מאַשינקע...

האָט זיך אָפּגערופן בערל צו זיין פריינד שמערל:

— בנוגע דעם וואָס דו זאָגסט אז סוחרים קאָנען אפילו איינריידן אז עס איז אַ יריד אויפן הימל! אָט בין איך אַנומלטן אריין קויפן אַ פּאָר שאַכטלעך שוועבעלעך אין אַ ציגאַרעטן־געשעפט, האָט דער סוחר דאָרט מיט מיר איינ־געטענהט און מיך געמאַכט קויפן אַ... צינד־מאַשינקע! איך האָב זיך ביי אים געבעטן אז עס איז מיר נישט נייטיק קיין צינד־מאַשינקע און איך דאַרף האָבן אַ פּאָר שאַכטלעך שוועבעלעך. אָבער איך בין פון אים אַוועק מיט אַ צינד־מאַשינקע!...

— אַ צינד־מאַשינקע איז אַ קלייניקייט! — האָט זיך אָפּגערופן שמערל. איך בין אמאָל אריין צו א זייגערמאַכער פרעגן ווי שפּעט ס'איז, נו, האָט מיר יענער דערוויל פאַרקויפט אַ זייגער!...

— מילא, אַ זייגער קאָן דיר צונוץ קומען. א זייגער איז וויכטיק פאר

דאָס הויז, פאַר זיך, פאַר דער פרוי, פאַר קינדער. אָבער אַ ציינד־מאַשינקע, צו־וואָס נוצט מיר אַ ציינד־מאַשינקע אז איך —

— יאָ, האָט אים איבערגעשלאָגן שמערל, — איך בין אמאָל מיטגעגאַנגען מיט מיינעם אַ לאַנדסמאַן צום דאָקטער, איז ביז ער איז געוואָרן אונטערזוכט פון דאָקטער, האָט דערווייל זיין „נוירס" אין מיר זיך פאַרליבט . . .

— אָבער וואָס האָט דאָס אלץ צו טאָן מיט מיין ציינד־מאַשינקע, שמערל.

— אַ ציינד־מאַשינקע איז נישט קיין ווייב, און —

— און — האָט אים איבערגעשלאָגן שמערל — איך האָב אַמאָל באַזוכט אַ הויז ווו מען האָט געשפילט קאָרטן. כ'בין געקומען דאָרטן מאָנען אַ חוב און מען האָט מיר אים מיט כבוד גדול באַצאָלט. איך ווייס נישט ווי אזוי: איך האָב פאַרשפילט דעם איינגעמאָנטן חוב מיט מיין אייגן געלט וואָס כ'האָב ביי זיך געהאַט, אז סך הכל שפיל איך קיינמאָל קיין קאָרטן. אָבער מען האָט מיך גענומען אין דער ארבעט. כ'האָב זיך נישט געקאָנט ארויסדרייען, כ'האָב פארשפילט ביז אַ גראָשן. איר שפילט זיך מיט מענטשן צו וואָס זיי זיינען פעאיק ?!

— דאָס אַלץ איז נישט אזוי פאַרדראָסיק ווי די פּאַסירונג מיט מיר, וואָס דער סוחר האָט מיר ארייַנגעשטופּט אַ ציינד־מאַשינקע. איך רויכער דאָך נישט, זי וועט מיר קיין נוצן נישט ברענגען — האָט אלץ געטענהט בערל.

— דאַרפסט נישט אזוי פיל זיך איבערנעמען מיט דיין ציינד־מאַשינקע — האָט זיך אָפּגערופן שמערל — איך בין אמאָל אוועק צו א שניידער ער זאָל מיר אויספּרעסן אַן אָנצוג, האָט ער מיר געמאַכט א חשבון אז איך מוז נויטיק האָבן א נייעם אָנצוג, און איידער וואָס האָט ער שוין מיר גענומען אַ מאָס!

— נו, אַ מלבוש איז אַ נוצלעכע זאַך — האָט זיך אָפּגערופן בערל — אָבער וואָס פאַר אַ נוצן וועל איך האָבן פון דער ציינד־מאַשינקע? איך דאַרף נישט קיין ציינד־מאַשינקע. מיר האָבן אין הויז עלעקטרישע ליכט מיט אן עלעקטרישן אויוון, און קיין רויכערער זיינען מיר נישט!

— און אז איך בין נישט קיין אלקאָהאָליקער — האָט זיך אָפּגערופן שמערל — איך טרינק נישט קיין בראַנפן, קיין וויין — קיינע משקאות! און אז איך בין אַנומלטן אריין אין אַ געשעפט קויפן ראָזשינקעס, האָט מיר דער סוחר דאָרטן איינגערעדט און געמאַכט מיר קויפן אַ פּאַר פלעשלעך פון ביטערן טראָפּן . . . איך האָב זיך געוועהרט, נישט געוואָלט קויפן, אָבער דער קרעמער האָט געפועלט !...

— דאָס אַלץ איז נישט געפערלעך — האָט בערל זיך געהאַלטן ביי זיינס: משקאות קאָן מען אויסנוצן. מען מאַכט אַמאָל אַ שמחה, מען קומט אמאָל צו גאַסט, גיט מען כיבוד. עס איז מיר גאָר נישט שיין צו ווייזן זיך פאַר מיין ווייב מיט דער ציינד־מאַשינקע!

— פאַרוואָס קאָנסטו נישט ווייזן עס דער ווייב, וואָס איז דאָ די חרפה ?
— איז שוין שמערל געוואָרן פאַראינטערעסירט.
— איך קאָן עס גראָדע נישט ווייזן מיין ווייב ! — האָט שמערל געענט־פערט. אוי, האָט דאָס צו טאָן מיט מיין ווייב ! איך האָב דיר אמאָל געזאָגט, שמערל : מיין ווייב דאַרף אַ פּאָר שאַכטלעך שוועבעלעך, ווייל זי נוצט זיי אלס ציין־שטעכער, אָבער וואָס וועט זי טאָן מיט דער צינד־מאַשינקע ?...

---

# אַ סיילסמען

אין איינעם אַ טאָג, ווען איך בין געזעסן ביים שרייב־טיש און זייענ־דיק אָנגעשטרענגט, האָט פּלוצלינג עמעצער אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר, און איידער איך האָב זיך ארומגעזען, איז שוין די טיר געווען ברייט געעפנט און עס האָט זיך אריינגעשלייכט אַ פאַרשוויצטער פּאַרשוין, טראָגנדיק מיט זיך צוויי גרויסע טשעמאָדאַנעס — און אויסגערופן :

— „גוד אַפטערנון, סער" ! מיין נאָמען איז גראָסמאַן, כ'בין אַ פּאַר־טרעטער פון דער בארימטער פירמע „הערקולעס" !

— זייער פיין, וואָס פאַרלאַנגט איר ? — האָב איך קורץ געפרעגט.

— יו סי, סער ! — האָט יענער זיך געמאַכט היימיש, — ס'איז היינט אונדזער פירמעס אניווערסארי, האָט איר די אויסערגעוויינטלעכע געלעגנהייט קויפן ביי מיר גרויסע באַרגיינס, כמעט פאר אומזיסט די בעסטע סחורות ! אָט וועל איך אייך ווייזן גוטן שמעקנדיקן זייף, די בעסטע ראַזיר־מעסערלעך, די נייסטע גראָמאָפאָן־פּלאַטן, פיינע שקאַרפעטן, די שענסטע קראַוואַטן און אַלץ זייער ביליק, גרויסע באַרגיינס ! — — —

— ניין, נישט נויטיק ! — האָב איך יענעם איבערגעריסן אין זיין פּיזמון.

— וואָס איר דאַרפט דאָס נישט ? ! אָלרייט, איך וועל אייך נישט צווינ־גען. אָבער וואָס מכוח קויפן ביליקע מעבל ? איך זע, איר דאַרפט שוין אויס־טוישן אייער מעבל, שוין אַלטע מעבל אייערע, איך קאָן אייך איינשטעלן אַ הויז מיט די מאָדערנסטע מעבל און זייער ביליק !

— נישט נויטיק, כ'דאַרף נישט !

— איר האָט אוודאי נישט קיין קעש, שעמט זיך נישט ! איך וועל אייך געבן אָן קעש, אויף אָפּצאָלונגען, כ'וועל אייך מאַכן לייכטע טערמס, איך „טראַסט" אייך.

— ניין, איך קויף נישט !

— „איי סי“, — שטייט יענער נישט אָפּ, — אפשר פארקויפט איר? מיר קויפן אלץ, מיר צאָלן די העכסטע פרייזן!

— איך קויף נישט און פאַרקויף נישט — האָב איך געוואָלט יענעם אָפּפּטרן.

— איי, איר דארפט זיך נישט זשענירן, אויב איר האָט עפּעס פארקויפן זאָגט. יו נאָו, גרעסערע גבירים פון אייך טוען מיט מיר ביזנעס!

מיין געדולד האָט געפּלאַצט און איך האָב אויסגעשריען:

— לאָזט מיך צורו, איך קויף נישט און פארקויף נישט!

יענער האָט אפנים קנאָפּ זיך איבערגענומען דערפון, ווייזט אויס גע־ווינט דערצו, און האָט ווייטער פאָרגעזעצט מיט זיין טאָן:

הם, אפשר ווילט איר עפּעס אויסטוישן? מיר טוישן אויך אויס פּאַר־שיידענע סחורות! אפשר ווילט איר אויסטוישן אייער שפּיגל אויף א זיידן העמד? אייער ביכער־שראַנק אויף ניילאָן־זאָקן? אייער שרייב־טיש אויף...

דאָ האָב איך זיך שטאַרק אויפגערעגט און געזאָגט:

— מיסטער, לאָזט מיך צורו, גייט אייך געזונטערהייט. לאָזט מיך אָפּ, ווען נישט וועל איך זיין געצוווּנגען אריינרופן מיין פריינד פון „נעקסט־דאָר“ וועט ער אייך משלח זיין מיט פּאַראַד.

— גוט, רופט אריין אייער פריינד, אפשר וועט ער עפּעס קויפן. איר זייט אַ „האַרד־קייס“, שוואָר פון אייך צו מאַכן אַ לעבן!

איך האָב פאַרלאָרן מיין געדולד און אַן אויפגערעגטער א געשריי געטאָן:

— לאָזט מיך אָפּ, גייט פון דאַנען! אַ ניט וועל איך אייך ממיתן!

— וואָס? וואָס האָט איר געזאָגט? — האָט יענער נישט פאַרלאָרן דאָס געדולד און מיט אַ שמייכל געפרעגט: — איר ווילט מיך הרגענען?! גוט, אפשר דאַרפט איר אַ רעוואָלווער, א גוטן בראַונינג? פרישע סחורה, איצט אריינגע־קראָגן, זייער ביליק און גוט, גאַראַנטירטע סחורה.

איך האָב זיך דערפילט זייער שוואַך, שיער אין חלשות צו פאַלן. אַ שווע־רער שווייס האָט מיך באדעקט. איך האָב זיך געשטאַרקט און געבעטן יענער זאָל מיך לאָזן צופרידן: כ'וועל חלשן, כ'וועל אַ האַרץ־אַטאַק באַקומען!

— אזוי, איר ליידט אויפן האַרץ? — האָט יענער געלאָסן זיך אָפּגע־רופן. — איך האָב פילן צו שטאַרקן דאָס האַרץ! שוין א סך שוואַכע הערצער געזונט געמאַכט. כ'וועל אייך געבן א שאַכטל פילן, וועט איר באַלד געהאָלפן ווערן!

— אוי, מיינע נערוון! גוואַלד, וואָס טוט מען, מיינע נערוון! — האָב איך געשריען.

— נערוון? איר האָט שוואַכע נערוון? פארוואָס האָט איר נישט גע־

זאָגט ? איך וועל אייך געבן טאַניק, ווערט איר פּטור פון אייערע נערוון ! אזא טאַניק ווי מיינער וועט אייך דער גרעסטער דאָקטאָר, דער בעסטער פּראָפעסאָר נישט געבן ! פּרובירט, איר וועט באלד בעסער ווערן און איר וועט ווערן מיין שטענדיקער קאַסטימער. איי וויל פּרוו טו יו !

— פּליז, פּייניקט מיך נישט, לאָזט מיך אָפּ, לאָזט מיך לעבן ! כ׳וועל נישט אויסהאלטן, גייט, גייט ! אַן אַנשיקעניש ! אוי, מיין קאָפּ, מיינע נערוון, כ׳וועל נישט אויסהאַלטן ! — האָב איך מיט די לעצטע כוחות אויסגעשריען און זיך אַ וואַקל געטאָן...

מער האָב איך שוין נישט געקאָנט אַ וואָרט אויסריידן. שווארצע רעדער, ווי שדים, האָבן גענומען זיך דרייען אין אַ ווילדן קאַראַהאָד פאַר מיינע אויגן. איך בין געפאַלן אויפן דיל און ווי אין חלום געהערט דעם סיילסמענס קול :

— כ׳וועל צוואַרטן, אפשר וועל איך לייזן עפּעס צו זיין לוויה !...

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך זיך געפונען אין בעט און שכנים האָבן מיר געלייגט קאָמפּרעסן צום קאָפּ. שפּעטער האָב איך געפונען דעם סיילסמענס וויזיט־קארטל מיטן צושריפט : „ווען איר דאַרפט וואָס נויטיק האָבן טעלעפאָנירט מיר, וועל איך גלייך קומען אייך זען. גוטע באהאנדלונג גאַראַנטירט. יאָ, איר האָט פיינע שכנים. כ׳האָב זיי פאַרקויפט קעלניש וואַסער פאַר אייערע קאָמפּרעסן וואָס זיי האָבן אייך געלייגט צום קאָפּ“...

---

# צוליב אַ לאָמפּ

געווען איז ער אַ מיטליאָריקער, האָט געאַרבעט, פאַרדינט, ארויפגעאַרבעט זיך, געוואָרן אַ פאַרמעגלעכער מענטש, אָבער ס׳איז אים געוואָרן ערגער. וועט איר דאָך פרעגן : אויב ער האָט זיך ארויפגעאַרבעט און געוואָרן אַ נגיד, ווי איז דאָס מעגלעך, אז ס׳זאָל אים ווערן ערגער ? טאָ האָט זשע געדולד, אַ ביסל ווייטער וועט איר שוין געוואָר־ווערן אז ס׳איז יאָ מעגלעך.

אין אָנהייב איז אים געווען גוט, נאָכדעם נאָך בעסער, און שפּעטער האָט אים גענומען גיין באַרג־אַראָפּ, אָדער ווי מען זאָגט : מיט די פּוטער אראָפּ. עס האָט אים גענומען גיין ערגער און ערגער, און פון ערגערניש האָט ער געקראָגן אַ שוואַך הארץ, און דאָס שוואַכע הארץ זיינע איז פון שוואַכקייט געוואָרן נאָך שוואַכער און אונדזער העלד האָט גענומען שטאַרק ליידן.

דאָס אַלץ איז געקומען פון א קלייניקייט — צוליב אַ נאַרישן לאָמפּ. איינמאָל איז אונדזער העלד׳ס פרוי אריין אין אַ לאָמפּן־געשעפט און איינגעהאַנדלט אַ לאָמפּ. ס׳איז געווען א שיינער לאָמפּ פון קרישטאָל און מאַרמאָר, מיט הערלעכע באַפּוצונגען און פּראַכטפולע גראַווירונגען, וואָס האָבן פארכאַפּט דאָס מענטשלעכע אויג. זי האָט דעם לאָמפּ דערזען אין שוי־פענצטער און שוין נישט געקאָנט זיך אָפּרייסן פון אים. איז זי אריין אין געשעפט און געקויפט דעם לאָמפּ.

צוליב דעם לאָמפּ האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. צוליבן לאָמפּ וואָס זי האָט איינגעהאנדלט איז איר מאַנ׳ס האַרץ געוואָרן אָפּגעשוואַכט, אויפגעהערט קלאַפּן ווי געוויינטלעך און זיין לעבן איז אים פאַרביטערט געוואָרן.

פונעם מאָמענט ווען די פרוי האָט אריינגעבראַכט אין הויז דעם זייער שיינעם לאָמפּ, האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. ווען דער לאָמפּ איז אָנגעצונדן געוואָרן און האָט גענומען באלייכטן און שיינען, האָט ער צו דער זעלבער צייט גענומען פארפינצטערן און צעשטערן דאָס פרידלעכע און באשיידענע גוטע לעבן פון פּאָר־פאָלק.

ווען דער שיינער קרישטאָל־לאָמפּ האָט מאַיעסטעטיש באַלויכטן דאָס הויז, האָט די פרוי ארומגעזען זיך אז דאָס הויז איז נישט גענוג מאָדערן, די ווענט זיינען אַלטמאָדיש געמאָלן. פאַר אזא שיינעם דעקאָראַטיוון לאָמפּ האָט זיך געפאָדערט איבערמאָלן דאָס הויז, אויפפרישן עס. האָט זי באשטעלט א מאָלער און דאָס איז איבערגעמאָלט געוואָרן. נאָכדעם האָט מען זיך ארומגעזען אז די גאַרדינען קעגן דער שיין פון קרישטאָל־לאָמפּ קוקן אויס אָפּגעבליאַקעוועט, אלט און מאכן אַן אָרעמען איינדרוק, רעפלעקטירן זיך חושכדיק קעגן נייעם לאָמפּ. נו, האָט דאָס פּאָר פאָלק באשטימט אויסצובייטן די גאַרדינען, קויפן נייע.

אַ ביסל שפּעטער האָט די פרוי זיך ארומגעזען אז צו אזא שיינעם לאָמפּ און עלעגאַנטע גאַרדינען פּאַסט זיך נישט אַלטמאָדישע מעבל. האָט זי גענומען מאָנען ביי איר מאַן טוישן די מעבל, קויפן נייע, מאָדערנע.

נאָכדעם האָט זי ווידער זיך ארומגעזען אז די דיוואַנעס אין הויז זיינען שוין אויסגעטראָטענע, אויסגעריבענע, מאַכן א שלעכטן איינדרוק. מיט נייע טעפּיכער וועט זיך באקומען א שענערער עפעקט, עס וועט עסטעטישער און רייכער אויסקוקן די היים. האָט די פרוי אָנגעהויבן מאָנען פון איר מאַן ער זאָל קויפן נייע טעפּיכער. עס האָט ניט געהאָלפן זיין קלאָגן זיך אז ער איז פאַרענגט, שווער אלץ מיט איין מאָל צו קויפן, עס רואינירט אים. דערצו גייען די געשעפטן אויך נישט צו גוט. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן און די פרוי איז אוועק און האָט איינגעהאַנדלט די בעסטע טעפּיכער און מיט זיי אויסגעפּוצט דאָס הויז.

ס'איז נישט לאַנג אריבער און יענע האָט שוין ווידער עפּעס אויסגעפונען: אנטקעגן דער באַלויכטונג פון דעם שיינעם לאָמפּ האָבן שלעכט רעפלעקטירט די ליידיקע ווענט, וואָס האָבן געמאַכט אויסקוקן דאָס הויז פוסט און אָן איינ־האַלט... און איין טאָג האָט זי דערקלערט איר מאַן אַז זי האָט ערגעץ אין אַ געשעפט געזען הערלעכע קונסט־בילדער, אויל־בילדער פון באַרימטע מאָלער. יענע בילדער וועלן באַשיינען דאָס הויז זייערס, אידיליש מאַכן זייער היים — זי מוז יענע קונסט־בילדער קויפן.

דער מאַן האָט זיך קעגנגעשטעלט, פּראָטעסטירט, מיטן גוטן און בייזן, זיך געבעטן און האָט אָנגעוויזן אַז די געשעפטן האָבן זיך פיל פאַרערגערט. צוליב די אַלע איינגעקויפטע הויז־חפצים האָט ער זיך שטאַרק פאַרענגט. דערצו נאָך האָט ער זיך אויך גענומען פילן שוואַכער, די נערוון און דאָס הארץ זיינס האָבן גענומען פונקציאָנירן נישט נאָרמאַל. די פרוי זיינע האָט אָבער נישט געקאָנט קומען צו אַן איינשטימונג מיטן מאַן און רק נישט אויפגעהערט מאָנען איינצו־האַנדלען יענע קינסטלערישע אויל־בילדער. און אין איין טאָג איז זי אוועק און געקויפט די אויל־בילדער און מיט זיי באַפּוצט די ווענט.

ווען דאָס הויז איז שוין געווען מיט אַלץ פאַרזען פון שענסטן האָט די פרוי זיך ארומגעדרייט און מיט צופרידנקייט אַלץ באַוואונדערט און געשעפּט א סך פאַרגעניגן. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט איר מאַן געליטן, געווען פאַרמרהשחורהט, שטאַרק פאַרזאָרגט און קראַנק.

זיין פרוי האָט זיך ארומגעזען, אַז צו אַזא שיינער היים ווי אירע מיט די פּראַכטפולע מעבל און קונסט־חפצים קוקט זי עפּעס אויס נישט פּאַסיק צו דעם אלעם. זי האָט געוואָרפן א בליק אין שפּיגל און זיך דערזען מיט איר צע־פלאַטשעטן גראָבן נאָז.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט זי שוין געהאַט דורכגעמאַכט א פאַר־שענערונג־אָפּעראַציע. זי איז אהיים געקומען פון קליניק מיט אַ פאַרשפּיצט שמאָל נעזל, האָט שוין אנדערש אויסגעקוקט, געמאַכט דעם איינדרוק ווי מען וואָלט איר פאַרביטן אויף אַן אַנדערע. מיט גרויסער פרייד און צופרידנקייט האָט זי זיך אליין באַוואונדערט. באַלד האָט זי זי דפאַרטראַכט: פונקט ווי דאָס הויז מוז זי זיך אליין אויך אַ ביסל אויספּוצן. איז זי אַוועק און האָט איינגע־האַנדלט נייע קליידער, פוטערוואַרג, צירונג און קליידער. זי איז געווען גליק־לעך. אָבער איר מאַן איז נאָך מער שוואַכער געוואָרן.

שפּעטער האָט זי גענומען פאָדערן דער מאַן זאָל איר קויפן אַן אויטאָ. זי וויל נישט זיין אַנדערש פון אנדערע פרויען און פון אירע שכנים וואָס האָבן אייגענע אויטאָס. זי האָט אויסגעפירט און באקומען אַן אויטאָ. בינו לבינו האָט דער מאַן אירער זיך שטאַרק אין געזונט פאַרערגערט, און אויך די געשעפטן

זיינען אַלץ ערגער און ערגער געוואָרן. דער דאָקטאָר האָט אים געוואָרנט ער זאָל נישט זאָרגן, נעמען אַלץ לייכט, זיין פּאָרזיכטיק, ווייל דאָס האַרץ זיינס איז זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

* * *

די פרוי האָט ארומגעשפּאַצירט איבערן הויז, פון צייט צו צייט געקוקט אין שפּיגל און באַוואונדערט איר שמאָל־פּאַרשפּיצט ניי־נעזל. זי האָט נישט אויפגעהערט זיך פּוצן אין אירע שיינע קליידער און צירונג. דער קרישטאָל־לאָמפּ האָט באַלויכטן שיין דאָס הויז, אָבער איר מאַן האָט שטיל געליטן און זיך געראַנגלט מיט די אָפטע אָנגריפן פון זיין אָפּגעשוואַכט האַרץ..

# אַ חבר און פריינד

סעם גאַרליק האָט אַמאָל זיך באקענט מיט א יונגער שיינער שוואַרץ־חנעוודיקער מיידל. זי איז געווען אַ שלאַנקע מיט אַ פּאָר פייערדיקע אויגן. אויפן ערשטן בליק האָט סעם אין איר זיך פארליבט, האָט זי ארויסגענומען שפּאַצירן, אין קינאָס, צו טענץ, אָפטער מיט איר זיך געטראָפן און גענומען טראַכטן וועגן אַ תכלית.

דאָס שיינע יונגע מיידל מיט די פייערדיקע אויגן האָט צו דער זעלבער צייט אויך ליב באַקומען סעמען. מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם און ליבע־ציטער האָט זי זיך צוגעהערט צו זיינע זיסע רייד.

איינמאָל האָט סעם פּאַר זיין בעסטן חבר פאָרגעשטעלט זיין געליבטע. זיין חבר האָט אויסגעהערט אלע אירע שבחים און איז אוועק. קורץ נאָכדעם האָבן זיי זיך ווידער געטראָפן. סעם האָט געפרעגט זיין בעסטן חבר אַ מיינונג וועגן דער מיידל.

— סעם, דאָס מיידל איז נישט פּאַר דיר! האָט יענער אַ זאָג געטאָן.

די ווערטער האָבן סעמען ווי דורכגעלעכערט, ער איז געבליבן דערשלאָגן און טרויעריק. דער חבר האָט דאָס באַמערקט און זיך אָפּגערופן:

— נעם זיך נישט איבער, סעם, זאָרג זיך נישט, וועסט נישט באַדויערן!

עס איז פאַריבער אַ שטיקל צייט. סעם איז געווען צערודערט, האָט פיל איבערגעטראַכט. דער ענטפער פון זיין חבר האָט אריינגעבראכט שווערע געדאַנקען, צעשטערט זיין גליק. סעם האָט געהאַט צוטרוי צו זיין חבר. ער איז דאָך געווען זיין בעסטער פריינד. אלעמאָל ווען ער האָט געהאַט אַן ערנסטן

ענין האָט ער מיט קיינעם וועגן דעם זיך ניט באַראָטן, אחוץ מיט אים, זיין חבר. אלע זיינע סודות, די אינטימסטע, האָט ער קיינמאָל נישט פארהוילן פאַר אים. אלץ אים דערציילט. ווי אַ ברודער אים געהאַלטן, אפשר נאָך נענטער...

איין טאָג האָט סעם געפרעגט זיין חבר פארוואָס ער רעדט אים אָפּ פון דער שיינער שוואַרץ־חנעוודיקער מיידל, וועלכער ער האָט שטאַרק ליב. האָט זיין חבר סעמען דערקלערט: פונקט ווי ער קען אים, אזוי אויך קען ער דאָס מיידל. קען אירע עלטערן, די גאַנצע משפחה. זיי אלע זיינען נישט פאַר אים און ס׳איז נישט קיין פּאַסיקער שידוך.

און זיין חבר און גוטער פריינד האָט גענומען סעמען אויסרעכענען די חסרונות פון דער מיידל: זי איז אַ שלעכטע, אַן עגאָאיסטקע, אַ פאַרדאָרבענע. האָט א צייט זיך געפריינדלט מיט א פארהייראַטן מאַן. איז שוין פיל מאָל אַנטלאָפן פון דער היים. איז אמאָל שוין געווען אין א הייל־אנשטאַלט מיט אירע צעשרויפטע נערוון, איז אַ לונאַטיקערין...

זיין חבר האָט אים דערציילט אז די מיידל איז שוין עטלעכע מאָל געווען ארומגעגאַנגען מיט יונגעלייט, וואָס האָבן אָפּגעלאָזט מיט איר די שידוכים. ער ווייסט נאָך וועגן איר, אָבער עס לוינט נישט צו ריידן מער... הכלל ער האָט גע־עצהט סעמען איבעררייסן מיט איר.

די אלע ווערטער האָבן שווער געטראָפן סעמען פונקט ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט מיט עפּעס איבערן קאָפּ. ער האָט רק געטראַכט: דאָס איז שרעק־לעך. אָבער אז דאָס אלץ האָט אים דערציילט זיין בעסטער חבר און פריינד, האָט סעם זיך ערנסט פאַרטראַכט און באשלאָסן אויסמיידן איר, ניט טרעפן זיך מער מיט איר און געזען פאַרגעסן איר ווי מען פאַרגעסט אַ טויטן...

פאַרשטענדלעך, אז דאָס איז נישט לייכט אָנגעקומען סעמען. ער האָט אין אָנהייב שטאַרק געליטן, ניט געקאָנט זיך געפינען קיין אָרט און רו. איז ער אַוועקגעפאָרן אין א צווייטער שטאָט, געזוכט באקענטשאפט מיט אנדערע פרויען כדי פארגעסן און אָפּגעוווינען זיך פון דער מיידל וועלכע ער האָט באמת ליב געהאַט.

מיט חדשים שפּעטער איז סעם גאַרליק געקומען צוריק אין זיין שטאָט מיט אַ פרוי מיט וועלכער ער איז געווען געהייראַט. ווען ער האָט אויפגעזוכט זיין אלטן חבר באַקענען אים מיט זיין פרוי, איז ער געוואָרן שטאַרק אויפגעע־רעגט פון דעם וואָס זיין חבר און גוטער פריינד, וועלכער האָט אים אָפּגערעדט נישט חתונה האָבן מיט דער שוואַרץ־חנעוודיקער מיידל, וועלכע ער האָט שטאַרק געליבט, האָט אליין מיט איר חתונה געהאַט...

דאָס האָט אזוי געטאָן זיין בעסטער חבר און פריינד!

# אַ בוקעט בלומען

עס זיינען געזעסן מאַן און פרוי און האָבן געמיטלעך געשמועסט ביים שיין־געדעקטן טיש און גענומען עסן זייער מאָלצייט. פלוצלינג האָט דאָס גלעקל ביים טיר געלאָזט זיך הערן און נאָכדעם ווי מר. גלאַנץ האָט געעפנט די טיר האָט זיך אין איר באַוויזן א באָרוועסער נעגערל מיט א בוקעט בלומען, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, און איז אוועק. מר. גלאַנץ האָט נייגעריק באַקוקט דעם פּרעכטיקן בוקעט בלומען און צווישן זיי געפונען אַ בריוו וואָס האָט זיך גע־לייענט: „מיט ליבע און גרוס — ל. ז.״ ער האָט זיך געוווּנדערט: ווער האָט געשיקט די בלומען? ווער איז ל. ז.?

מרס. גלאַנץ האָט באַמערקט ווי איר מאַן שטייט מיט די בלומען און לייענט א בריוול, איז איר געוועזן אינטערעסאַנט וויסן פון וועמען דאָס איז. זי איז צו און א כאַפּ געטאָן דאָס בריוול און אויפגעשפּרונגען:

— אזוי, האָסט באַקומען א בוקעט בלומען מיט א ליבע־בריוועלע. ס׳איז אוודאי פון דיין ביוראָ־מיידל, די דזשינדזשער־ציג!

— רעג זיך נישט אויף, סאָניע, עס מוז זיין א מיספארשטענדעניש. עס איז נישט פר מיר. קיינער האָט מיר נישט געשיקט קיין בלומען מיט ליבע־בריוועלעך!

— זעט נאָר ווי ער מאַכט זיך פאַר א צדיק. מיינסט איך ווייס נישט אז דו פּירסט זיך ארום מיט...

שווייג! — האָט מר. גלאַנץ אויפגערעגט אויסגעשריען, — עס זיינען אוודאי פאַר דיר די בלומען!

— פאַר מיר די בלומען? אַיי, ווי קלוג דו ביסט. דו ביסט ווי יענער גנב וואָס שרייט: כאַפּט א גנב!

— און איך האָב א חשד אז די בלומען זיינען טאַקע געשיקט געוואָרן פאַר דיר. לויטן בריוול איז צו זען, אז דאָס שרייבט אַ פאַרליבטער מאַן. ווער איז דאָס דער ל. ז.?

— איך ווייס ווער דאָס איז. דאָס איז דיין טייפּיסט־מיידל ליאַ זוסקין!

— און איך בין הונדערט פּראָצענט זיכער, אז דאָס האָט פאַר דיר גע־שיקט דיין גוטער פריינד לעאָן זאַקס!

— ניין, מיך וועסטו נישט איינריידן. איך דערקען פון דער האַנטשריפט, אז דאָס איז געשריבן פון א פּרויען־הענטל — אַ הענטל וואָס האָט געוויס נישט איינמאָל שוין געגלעט דיין פּליכעוואַטן קאָפּ!

— סאָניע, אויב דו וועסט נישט אויפהערן מיך באשולדיקן מיט דיינע אויסטראַכטענישן, וועט נישט זיין גוט. ס׳וועט מיך ארויסברענגען פון די כלים און איך וועל נישט זיין פאראנטוואָרטלעך פאר די פאָלגן!

— אויב אזוי, זע איך דאָך אז דו ביסט עס דער קאַנדידאַט פאר די בלו־מען. איך האָב שוין לאַנג ארויסגעפילט אז עפּעס איז נישט גלאַטיק מיט דיר. דו מיינסט איך בין נישט קיין מבין אויף דיר? כ׳האָב שוין לאַנג באמערקט אז דו נעמסט אַ קליינעם אינטערעס אין מיר. דיין ליבע צו מיר איז שוין לאַנג געוואָרן אָפּגעקילט. איצט האָט זיך אלץ אויפגעדעקט, די קאָרטן זיינען אָפן.

— און אפשר זאָל איך אָט די ווערטער זאָגן וועגן דיר? עס לייגט זיך גיכער אויפן שכל אז אַ מאַן זאָל שיקן בלומען צו אַ פרוי, איידער פאַרקערט!

— דיין שכל נאַרט דיך. ווייסט נישט אז היינטיקע צייטן שיקן פרויען מער בלומען צו מענער, ווי מענער צו פרויען?

— מעגלעך אז דו האָסט מער באקענטשאפט אין די זאַכן. אָבער איך האַלט זיך ביי מיינס: דער בוקעט בלומען איז געשיקט פון א מאַן און נישט פון קיין פרוי!

— און אז פון אַ מאַן איז וואָס?

— איז דאָך פאַר דיר די בלומען. איך וועל דאָס נישט דולדן, איך וועל מאַכן דעם גרעסטן סקאַנדאַל! איך ארבעט, בין פאריאָגט גאַנצע טעג און דיר ליגט אין קאָפּ צו האָבן א געליבטן.

— און איך וועל נאָך אַ גרעסערן סקאַנדאַל מאַכן. מיין נישט אז דו וועסט מיר פארריידן די ציינער, און מיין נישט אז איך שרעק זיך פאר דיינע סטראַשונקעס מיט דיינע סקאַנדאַלן! זאָלסט מיר שוין זאָגן ווער עס איז ל. ז.?

— אויב אזוי, אז דו האָסט שוין יאָ געהויבן דעם טאָן, פאָדער איך אז דו זאָלסט אויסזאָגן ווער עס איז דער אויסוווּרף ל. ז.? מיטן גוטן ווילן זיי זיך מודה איידער דו ברענגסט מיך ארויס פון געדולד!

— און מיין געדולד האָט שוין געפּלאַצט. אויב דו וועסט נישט זאָגן מיר גלייך דאָ ווער עס איז די ל. ז. וועל איך טאָן אלץ, כ׳וועל שרייען, אז די שכנים זאָלן זיך צונויפקומען!

— און אז דו וועסט פרייוויליק נישט אויסזאָגן ווער ל. ז. איז, וועל איך אַ תל מאַכן פון אלצדינג, כ׳וועל פאַרניכטן און צעברעכן אלץ!

— אויב עס האַלט שוין אזוי ווייט איז דאָך דאָס דער בעסטער סימן, אז די בלומען זיינען טאַקע פאַר דיר!

— און איך זע, אז דאָס האָט מען זיי דיר געשיקט!

— נאָך איינמאָל אז דו זאָגסט די ווערטער, פליט דער טעלער!

— און אויב דו באשולדיקסט מיך נאָך אמאָל אז די בלומען זיינען גע־שיקט פאַר מיר, פליט דער בלומען־טאָפּ! — — —

ווען מאַן און ווייב זיינען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן ווי צערייצטע חיות, האָט פּלוצלינג זיך צעקלונגען דאָס גלעקלביים טיר. עס האָט זיך באַוויזן דאָס באַרוועסע נעגערל און געשטאַמלט:

— אַם־סאָרי, די בלומען זיינען נישט פאַר איך, זיי זיינען פאר די נעקסט־דאָריקע, פאר די שכנים. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די בלומען און מיט זיי פאַר־שוונדן...

מר. און מרס. גלאַנץ האָבן פארשעמטע זיך איבערגעקוקט און זיך צוריק געזעצט צו זייער מאָלצייט...

# ער האָט אַ „האָבי“

יעדן „וויק־ענד“ פּאַקט מר. זיסקין איין זיין קלאַפּערגעצייג, זיין באַגאַזש וואָס באַשטייט פון אַ לאַנגער בייטש, עטלעכע שוואַרצע שלענגלעך, אַ פּאָר האַ־טשעקעס, אַ שטריק און נאָך עטלעכע קלייניקייטן וואָס מען נוצט פאַר פיש־פאַנג. דאַן נעמט ער ארויס פון גאַראַזש זיין שעוורָאָלעטל — און היידאַ! ער לאָזט זיך אַוועק ערגעץ ווייט־ווייט צו די ברעגעס פון טייכן אָדער צום ים. כמעט אַ גאַנצע וואָך גרייט זיך מר. זיסקין צום „וויק־ענד“. ער האַנדלט זיך איין אַלץ וואָס איז נויטיק צום כאַפּן פיש. אַן אַנדער מאָל פאָרט ער מיט זיין קריסטלעכן פריינד, אַ שכן, וואָס איז אַ גרויסער מומחה אויף כאַפּן פיש. יענער האָט שוין, זאָגט ער, געכאַפּט אַ וועלט מיט פיש. זיינע געפאַנגענע פיש האָבן אפילו באַקומען פרעמיעס אויך...

אָבער מר. זיסקין קומט אָפּט אהיים מיט ליידיקע הענט. ס׳איז אים נישט געלונגען צו כאַפּן אפילו אַ קליין פישל. אָבער ער נעמט זיך דערפון נישט צום הארצן, ער איז צופרידן און זאָגט: ס׳איז נישט וויכטיק דאָס כאַפּן אַ פישל נאָר דאָס גרייטן זיך, די „עקסייטמענט“... ס׳איז אַ גרויסער אינטערעס און ממילא אויך אַ באַפרידיקונג.

מיט ליידיקע הענט קומט מר. זיסקין אָבער זעלטן אהיים. ער כאַפּט זיך אריין אויפן וועג אין אַ פיש־געשעפט, האנדלט איין אַ פישל אָדער מער און שמועסט איין זיין ווייב אַז דאָס האָט ער אליין, מיט זיינע אייגענע הענט, געכאַפּט די פיש. ערגער איז ווען זיין ווייב כאַפּט זיך אַז די פיש זיינען נישט קיין פרישע, האָבן אַ שלעכטן ריח... פארענטפערט זיך מר. זיסקין אַז ער האָט אוודאי געכאַפּט קראַנקע פיש... נישט איינמאָל האָט טאַקע מר. זיסקינס ווייב אים געמאַכט פאָרוואורפן, אַז ער פארשוועכט צייט מיט געלט און ער זאָל

אויפגעבן דאָס כאַפּן פיש, בפרט נאָך אז ער כאַפּט אלעמאָל קראַנקע פיש. עס וועט איר פיל ביליקער קאָסטן ווען זי וועט קויפן פרישע פיש...

מר. זיסקין אָבער וויל נישט הערן. ער וועט נישט אויפגעבן זיין „האָבי“, זיין פארגעניגן כאַפּן פיש. האלט ער טאַקע אָן זיין „כאפּן“ פיש, זעצט זיך יעדן „וויק־ענד“ אריין אין שעווראָלעטל — ואיננו! מר. זיסקין דער פיש־כאַפּער איז נישטאָ. בלייבט מרס. זיסקין מיט די קינדער אין הויז. אמאָל גייען זיי צו פריינד, אמאָל קומען יענע צו זיי, פרעגן זיי זיך:

— ווו איז מר. זיסקין, אוודאי אוועק כאַפּן פיש?

— נו, איר ווייסט דאָך זיין קרענק, האָט זיך ארייַנגעהאקט אין קאָפּ פיש כאפּן! — קומט מרס. זיסקינס ענטפער.

— מרס. זיסקין, איז זייט אַ נאַרישע יידענע! — רופט זיך אָפּ א פריינדין, — ווער לאָזט דאָס אַ מאַן יעדן „וויק־ענד“ אוועק? וואָס איז עס פאר א פיש כאַפּן? — וואָס, איז זייט חלילה נישט בכוח קויפן? מ׳שטיינס געזאָגט וויפיל פיש דארפט איר? און אז מען איז אפילו גרויסע פיש־עסער, מוז דאָס אַ מאַן פאַרשוואַרצט ווערן מיט פאַנגען זיי?

— ווער וויל דאָס ער זאָל כאַפּן? — רופט זיך מרס. זיסקין אָפּ, — ווער דאַרף דאָס? דעם גרעסטן טייל קומט ער דאָך אהיים אָן פיש! און אז ער ברענגט שוין אַמאָל אַ פישל, זאָלט איר מיר מוחל זיין, עיפּושט עס דאָך און כ׳וואַרף דאָך דאָס אין דאַסט־באָקס!...

— איז צו וואָס לאָזט איר אייער מאן פאָרן כאַפּן פיש?

— ווער זאָגט דאָס איך לאָז אים? — האָט מרס. זיסקין זיך אָפּגערופן, — נישט איינמאָל האָב איך געבעטן אים: איך וויל נישט קיין פיש! מיר עסן דאָך קיין פיש נישט! נישט איך, נישט די קינדער און דו אוודאי נישט!

— איז צו וואָס טאַקע איז ער אזוי „ביזי“ מיטן כאַפּן זיי?

—ער זאָגט, — האָט מרס. זיסקין געענטפערט, — אז דאָס איז זיין „האָבי“, ער קאָן אָן דעם נישט לעבן! אנדערע, זאָגט ער, האָבן אנדערע „האָ־ביס“: האָבן ליב טאַנצן, שפּילן גאָלף, טעניס, קאָרטן, ער האָט ליב כאַפּן פיש! דאָס איז זיין „האָבי“, ס׳איז אַ שיינע און געזונטע „האָבי“. ס׳האָט אים דער דאָקטאָר געזאָגט אז דאָס איז פאר אים גוט, פאר זיינע נערוון!

— איר זאָלט זיך נישט צוהערן וואָס די מענער זאָגן אלץ!

— נו, כ׳וועל דאָך צוליב דעם נישט גיין מיט אים גטן זיך! — האָט מרס. זיסקין מיט ווייטאָג געענטפערט.

— מיין מאַן האָט אויך ליב פיש! — האָט אַן אַנדער יידענע זיך אָפּגערופן, — אָבער וואָס פאַר אַ כאַפּן? ער האָט דאָס פיינט! ווען מיר קומען אויף אַ שמחה און אז מיינער דערזעט, אז אנדערע כאַפּן די פיש, עקלט דאָס אים, ער רעגט זיך שטאַרק אויף דערפון! ער האַלט נישט פון כאַפּן, וואָס איז דאָס כאַפּעניש?!

— און אז מיר קומען אויף אַ שמחה, — האָט אַן אנדערע זיך אָפּגערופן, — און בעת מען דערלאַנגט פיש זיסע, זויערע, געהאַקטע, געפילטע, געפּרעגל־טע ,געקאָכטע, הייסע, קאַלטע, פיש באַטעמטע און פיש אָן אַ טעם — נו, מיינט איר, אז מיינער כאַפּט? ניין, ער נעמט געלאַסן איין שטיקל פיש און גענוג! אָבער וואָס פאַר אַ כאַפּן?...

— איך גלויב גאָרנישט, — האָב זיך אָפּגערופן די פריערדיקע יידענע, — אז אַ מאַן זאָל זיין אזוי געטריי און גוט און פּלוצלינג לויפן כאַפּן פיש פאַר דער ווייב!... עס זיינען גאָר נישטאָ אזעלכע מענער. א מאַן האָט ליב אז מען גיט אים א גרייטע זאַך. ער איז דאָך פויל אַ גלאָז וואַסער פאר זיך נעמען, וועט ער לויפן כאַפּן פיש! מרס. זיסקין, פאָלגט מיך און שלאָגט זיך דאָס ארויס פון קאָפּ! איר זייט אַ נאַאיווע פרוי, ווען איר לאָזט זיך איינריידן פון אייער מאַן, מיט א „האָבי" צו כאַפּן פיש! געהערט, א „האָבי" האָט ער? אפשר האָט ער גאָר עפּעס אנדערש?...

— — — — — — — — — — — — — —

עס זיינען אוועק וואָכן און חדשים און מר. זיסקין האָט אָנגעהאלטן זיין „האָבי", און יעדן „וויק־ענד, ווי אַלעמאָל, אוועק כאַפּן פיש.

אָבער איינמאָל איז מען פּלוצלינג געקומען צו מרס. זיסקין און איינגע־רוימט איר אויפן אויער, אז מען האָט ערגעץ געזען אויף אַ פּיקניק איר מאַן אין דער געזעלשאַפט פון א פרוי...

ווען מרס. זיסקין האָט אָפּגענומען דעם גרוס איז איר נעבעך געוואָרן שלעכט אויפן האַרצן. זי האָט זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט. עס איז פאר איר געווען אַ שווערער קלאַפּ. אָבער נאָכן בארואיקן זיך א ביסל, האָט זי באשלאָסן נאָכקוקן איר מאַן. און טאַקע איינמאָל בעת מר. זיסקין איז מיט זיין שעוואָ־לעטל געמיטלעך ארויסגעפאָרן פון שטאָט, ווי שטענדיק, כאַפּן פיש, האָט מרס. זיסקין זיך דערפילט דערנידעריקט ווען זי האָט באַמערקט, אז ביי דער זייט פון איר מאַן, נאָענט צו אים, איז געזעסן א יונגע בלאָנדע פרוי...

ווען מר. זיסקין איז אהיימגעקומען און ווי אלעמאָל מיט זיך געבראכט אַ פיש וואָס ער האָט ערגעץ איינגעהאַנדלט, און דערביי באַרימט ער זיך ווי שווער ס'איז אים אָנגעקומען כאַפּן עס, איז מרס. זיסקין ארויס מיטן לשון און געזאָגט:

— יאָ, כ'ווייס שוין איצט ווו דו פארברענגסט דיינע „וויק־ענדס"! כ'ווייס שוין אַלץ! כ'ווייס שוין ווי דו כאפּסט „פיש", כ'ווייס שוין פון דיין „האָבי", — כ'האָב זי געזען!... אַ גאַנץ שיינע „האָבי"!...

און נישט ריידנדיק מער האָט מרס. זיסקין די געבראַכטע פיש, וואָס האָט שלעכט געמאַכט די לופט אין הויז, אים געשליידערט אין פּנים...

# די צוויי באָרדערס...

איך האָב אַמאָל געוווינט אלס קוואַרטיראַנט אין אַ באָרדינג־הויז. אין טאָג האָבן זיך דאָרטן אריינגעצויגן צוויי פרישע באָרדערס, האָבן פארנומען אַ צימער אין שכנות צו מיר. זייער טיר איז געווען פּונקט אַנטקעגן מיין טיר. יעדע באַוועגונג און יעדער אָטעם־צוג אין יענעם צימער האָט זיך לייכט דער־טראָגן צו מיר. גאַנצע טעג פלעגן די צוויי באָרדערס זיצן אין הויז פארשטעקט אין זייער צימער. מען האָט זיי ריכטיק נישט געזען פאר די אויגן, אויסער דער צייט ווען אלע זיינען געזעסן אין עס־צימער ביים טיש. דעמאָלט זיינען זיי שטיל־שווייגנדיק אריינגעקומען, פארנומען זייערע ערטער און שטיל־שווייגנדיק געגעסן און איבערגעוואָרפן זיך מיט שטומע בליקן. אזוי גיך ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן, האָבן זיי געלאָזן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער, ארומגעקוקט זיך און מיט שטילע טריט פארשוווּנדן אין זייער צימער. שלאָפן פלעגן זיי א שטיק אין טאָג אריין. ווען די בעל־הביתטע האָט שוין געוומען גרייטן דעם מיטאָג, זיינען די צוויי באָרדערס ערשט אויפגעשטאַנען, פויל גע־נומען זיך ארומשלעפּן אין געבלומטע שלאָפראָקן — און געשוויגן.

ווען די זון האָט אָנגעהויבן באהאלטן זיך פון לאנגן זומער־טאָג, דע־מאָלט האָבן די צוויי באָרדערס ארויסגעלאָזט זיך אין גאַס. צוריקקערן פלעגן זיי אין דער שפּעטער נאַכט און האָבן שטיל אריינגעשלייכט אין זייער צימער.

אזוי האָט זיך דאָס געפירט אין משך פון טעג און וואָכן לאַנג.

כ׳האָב געוואָלט אמאָל אָנקניפּן מיט זיי א שמועס, ווערן מיט זיי נאָענט, אָבער יענע האָבן דאָס באמערקט און ארויסגעדרייט זיך. אויף יעדער פראגע מיינער האָבן זיי אָפּגעהאַקט קורץ און פארשוווּנדן אין זייער צימער. מיט אלע באָרדערס אין הויז האָט איך געשמועסט, געמאַכט אַ שפּאַס, אונטערגעהאַלטן זיך, אָבער אנדערש איז געווען מיט די צוויי באָרדערס. שטענדיק זיינען זיי געווען ערנסט און האָבן געשוויגן.

אין הויז האָבן אלע גענומען קוקן אויף די צוויי באָרדערס מיט אַ פּאַר־דעכטיקייט, עפּעס א געהיימער סוד האָט געווייעט ארום זיי. אויך איך האָב אָנגעהייבן אומרואיק אויף יענע צוויי באָרדערס קוקן. יעדע באַוועגונג זייערע האָט ארויסגערופן אַ חשד אז דאָס זיינען געוויס די ריכטיקע פּאַרשוינען פאַר וועלכע מען מוז זיך היטן. זייערע געשטאַלטן זיינען אויך געווען משונהדיקע:

איינער הויך, פּעסט געבויט מיט דורכדרינגנדיקע אויגן און צעקרימטע קין־באַקן, און דער צווייטער איז געווען קורץ געוואַקסן, מיט לאַנגע טשופּרינעס, וואָס האָבן פּאַרדעכטיקט אויסגעקוקט. וויפל איך האָב געוואָלט פאַרטרייבן די שלעכטע געדאַנקען וועגן די געהיימניספולע צוויי באַרדערס, האָבן זיי מיר אָבער אַלץ מער און מער נאָכבאַגלייט און מיך געפּייניקט.

איינמאָל שפּעט ביינאַכט בין איך געוואָרן געשטערט אין מיין שלאָף. פון שכנותדיקן צימער, ווו די צוויי באַרדערס זיינען איינגעשטאַנען, האָט זיך דערטראָגן אַ מאָדנער געשפּרעך, וואָס האָט אויך מיר אַנגעוואָרפן אַן אימה:

„זיין נשמה און געלט איז אונדז נייטיק!"

„יאָ, מאַקס, כ'וועל דיר דינען ווי אַ גוטער ברודער, און דיין פּלאַן העלפן דיר אויספירן!" — — —

איך בין געבליבן ליגן אין שווערע אַנגסטן, יעדער אבר איז מיר ווי אָפּ־גענומען געוואָרן. כ'האָב געוואָלט שרייען, אָבער איך האָב זיך באַהערשט און געשוויגן.

מיט אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָב איך ווידער געהערט:

„זיין בליק און נאָכקוקן איז געפערלעך, ער מוז אָפּגערוימט ווערן פון וועג!"

„מאַקס, אפשר איז דאָס פּריצייטיק אויסצופירן, אפשר אָפּלייגן דאָס אויף שפּעטער?"

„אויסגעשלאָסן, אויסגעשלאָסן! יעדע שעה, יעדע מינוט איז טייער!"

„אפשר מאָרגן, נישט היינט?"

„היינט, היינט, נישט מאָרגן!" — האָט אַ שטימע זיך צעדונערט.

אין יענעם מאָמענט האָב איך דערפילט ווי די גאַנצע וועלט וואָלט גע־גאַנגען כאַדאָראָם. פאַר די אויגן האָט מיר גענומען שווינדלען. כ'בין געבליבן ליגן ווי אַ ליימענער גולם. די צונג און יעדער אבר פאַרשטייפט. כ'האָב גע־וואָלט שרייען, רופן הילף, אָבער כ'בין געווען אין אַן אומבאַהאָלפענער לאַגע און געפיבערט...

אויף צו־מאָרגנס האָב איך געוואָלט זאָגן דער בעל־הביתטע אַז איך קלייב זיך אַרויס, אַז לענגער קאָן איך ביי איר נישט וווינען. פאַרשטייט זיך אַז נישט לייכט איז דאָס מיר געווען זאָגן, ווייל אין דער אמתן בין איך דאָך גע־ווען די גאַנצע צייט, פאַר יאָרן לאַנג, צופרידן. ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך דאָך געלויבט די בעל־הביתטע פאַר דער גוטער און פריינדלעכער באַהאַנדלונג אירער, און דאָ פּלוצלינג איר זאָגן אַז איך מוז זיך אַרויסציען פון איר!

באַלד אָבער האָט מיר אונטערגעזאָגט אַ געדאַנק נישט צו זיין אין איי־לעניש און נישט כאַפּן פּלוצלינג האַק און פּאַק און אַנטלויפן. דאָס קאָן אַמאָל

מיר שאָדן טאָן. יענע פאַרדעכטיקטע צוויי באָרדערס זאָלן דאָס אמאָל אָננעמען פאר נישט געוווּנטשן פאר זיי און דאָס זאָל פאר מיר זיין א געפאַר. איך האָב זיך געשלאָגן מיט דער דעה וואָס טאָן און האָב באשלאָסן אָפּצוּוואַרטן נאָך עטלעכע טעג אפשר וועט די לאַגע זיך ענדערן, אפשר וועלן יענע זיך ארויסציִען.

איך בין געבליבן אויף מיין פּלאַץ. כ׳האָב געגומען אויסמיידן דעם בליק פון יענע געהיימניספולע צוויי באָרדערס, נישט געקוקט אויף זייער זייט, אָבער איך האָב נישט אויפגעהערט צו זיין אומרואיק.

און ביינאָכט בין איך מיט איינמאָל געשטערט געוואָרן אין מיין שלאָף. עס האָט זיך ווידער איבערגעחזרט דאָס געהיימע געשפּרעך. ווידער האָט מיר געוואָרפן אין א שטאַרקן פיבער און ווידער האָב איך געוואָלט שרייען. סוף־סוף האָב איך באַשטימט דערקלערן דער בעל־הביתטע אז איך מוז זיך ארויס־ציען, אז ס׳איז מיר אוממעגלעך לענגער ביי איר צו וווינען. דערווייל איז ווידער געקומען די נאַכט. ס׳איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט. פאַר שעהן־לאַנג האָב איך זיך געדרייט אין דרייען און נישט געקאָנט איינשלאָפן. שרעק־לעכע געשפּענסטער האָבן מיך געפּייניקט. דער זייגער האָט שוין לאַנג אויס־געשלאָגן צוועלף — און פּלוצלינג האָב איך געהערט פונעם צימער פון די צוויי באָרדערס איבערחזרן זיך די זעלבע געשפרעכן פון די פריערדיקע נעכט. איך האָב אין ציטער ווידער געהערט דאָס קול פון איינעם ווי ער האָט א זאָג געטאָן:

„יאָ, די צייט איז געקומען! ענדלעך איז געקומען די צייט, גיב אהער דעם רעוואָלווער!“

„יאָ, ס׳איז שוין צייט!“

„גיב דעם רעוואָלווער, גיב!“

„אָט איז דער רעוואָלווער, מאַקס!“

„איז ער געלאָדן?“

„געלאָדן!“

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון די לעצטע ווערטער בין איך אין גאַנצן געוואָרן צעטומלט. פון גרויס שרעק האָב איך טיף איינגעגראָבן זיך אונטער דער קאָלדרע, די ציינער האָבן גענומען טאַנצן אין מויל אַ שדים־טאַנץ. אין די שרעקלעכסטע פאַרבן האָב איך דערזען דעם מלאך־המות פאר די אויגן... — — —

ווען עס האָט גענומען ארייינבליקן דער פרימאָרגן אין מיין צימער האָב איך אַן אויסגעמאַטערטער און צעבראָכענער, אין פולער שרעק, גענומען זיך פּאַקן, קורץ דערקלערט דער בעל־הביתטע אז איך קאָן ביי איר מער נישט ווווי־נען, באַצאָלט איר און אַוועק זוכן אַ נייע וווינונג.

נאָכדעם בין איך געוואָר געוואָרן אז יענע צוויי באַרדערס, וואָס האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפן גרויס שרעק, זיינען געווען אקטיאָרן... זייער קומען שפּעט ביינאַכט איז נישט געווען מיט פאַרדעכטיקייט פאַרבונדן. דאָס האָבן זיי געשפּילט טעאַטער און זייערע שרעקלעכע געשפּרעכן, וואָס האָבן מיך שיער נישט פון שרעק געטריבן צו משוגעת, זיינען געווען בלויז רעפּעטיציעס...

די צוויי געהיימניספולע באַרדערס זיינען גאָר שוישפּילער געווען.

---

# איך מיר אַ שכן...

איך האָב אין לעבן אָנגעטראָפן אויף פאַרשיידענע שכנים — שכנים גוטע, שכנים שלעכטע, שכנים וואָס האָבן ליב באַריידן, שכנים שווייגער, שכנים וואָס בלאָזן זיך, שכנים נודניקעס. אָבער דאָ וויל איך דערציילן וועגן אַן אנדער סאָרט שכן.

איך האָב אַמאָל זיך אריינגעצויגן אין אַ נייער געגנט ווו כ׳האָב דאָרטן קיינעם נישט געקענט. אָבער פּלוצלינג האָט מיך באַמערקט אַ שמייכלדיקער שכן. איך האָב יענעם נישט געקענט, קיינמאָל פריער נישט געזען. יענער האָט צו מיר געשמייכלט, גענומען מיך באַגריסן און ריידן:

— איר האָט זיך דאָ אריינגעצויגן, זאָל אייך זיין מיט מזל! איר וועט נישט חרטה האָבן, ס׳איז אַ פיינע געגנט מיט גוטע שכנים. דער עיקר דאַרפט איר זיך פרייען, וואָס איר האָט מיך פאַר אַ שכן!

— עס פרייט מיך! — האָב איך געענטפערט און זיך געלאָזט גיין.

יענער האָט מיך פאַרהאַלטן און געזאָגט:

— אויב איר וועט וואָס דאַרפן, ווין איך נישט ווייט פון אייך, דאָס דריטע הויז! איך ווין דאָ דעם פערטן יאָר שוין, קען אַלע שכנים. איר זעט יענעם ייד מיט דער געלער באָרד, ער איז דער שמש פון אונדזער שוהל, אַן אָרנטלע־כער ייד איז ער. ער האָט אָבער אַ פאַסקודנע טבע, ער רייסט זיך רק ארום מיט דער ווייב זיינער. אָבער צו פרעמדע ווייבלעך איז ער גוט, לאַכט און חנפעט זיי, זאָגט זיי וויצן, באַוואַרפט זיי מיט קאָמפּלימענטן, און דאָס אייגענע ווייב האָט ער אין דער אדמה!

— אָט איר זעט דאָס יונגע ווייבעלע וואָס שטייט דאָרטן? — האָט ער פאַרגעזעצט ריידן און אָנגעוויזן אויף אַ פרוי, וואָס האָט געהאַלטן אַ פּיצל קינד אויף די הענט, — יענע איז אַ פיינע ווייבל, אַ ליידי, האָט אָבער נישט קיין מזל. דער מאַן אירער איז אַן אויסוווּרף, אַ שיכור, קומט זעלטן אַהיים. מען זאָגט

ער שלעפּט זיך ארום מיט א שיקסע, א ברוינקע. אויך זיין טאַטע איז נישט בעסער געווען, האָט אויך אָפּגעלעבט א הינטיש לעבן!

— אנטשולדיקט, — האָט איך איבערגעשלאָגן דעם ייד, — מיר איז דאָס נישט אינטערעסאַנט צו וויסן, איך האָב ארבעט צו טאָן, איך מוז גיין!

— גייט געזונטערהייט, כ׳וועל אייך נישט שטערן. ס׳איז נישט מיין טבע צו שטערן יענעם!

איך בין אַוועק און געטראַכט: דער ייד מוז אוודאי געהערן צו דעם מין שכנים — נודניקעס.

אין אָוונט איז אומגעריכט און אומגעבעטן אריינגעקומען דער זעלבער ייד וואָס איז מיין שכן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט, גענומען קוקן אויף אלע זייטן, מאַכן מאָדנע העוויות און צו מיר זיך אָפּגערופן.

— איר ווייסט, איר דאַרפט זיין גוט צופרידן וואָס איר האָט מיך פאַר אַ שכן. ס׳איז גוט האָבן אזא שכן ווי איך בין. איר קענט מיך נאָך נישט, אז איר וועט לענגער דאָ וווינען וועט איר געוואָר ווערן וועגן מיר. איך האָב שטאַרק ליב טאָן טובות, כ׳וועל גיין אין פייער און וואַסער פאַר א שכן! אנומלטן האָט געברענט א שכנס הויז, האָב איך געהאָלפן לעשן דאָס פייער. איך האָב מער אויפגעטאָן ווי די ארויסגערופענע פייערלעשער! אויב איר וועט האָבן א שרפה רופט נישט די פייערלעשער, לאָזט מיך וויסן, איך וועל אלץ פאַר אייך טאָן. איך בין א מענטש וואָס האָט ליב צו טאָן א טובה. ווען איר וועט דארפן עפּעס זאָלט איר מיר לאָזן וויסן, כ׳וועל אלץ פאר אייך טאָן. איך בין נישט קיין גרויסהאַלטער. איך בין אַ פשוטער ייד, אַן עמך! — האָט יענער טריאומפירט מיט זיינע רייד, און בעת מעשה מיך געגעבן אַ קלאַפּ אין פּלייצע.

— אַ דאַנק פאר אייער פריינדלעכקייט! — האָב איך געענטפערט און געבעטן גאָט ווי ווערט מען פון אים פּטור.

— איר דארפט נישט דאַנקען, ס׳איז מיין פליכט אלס שכן. איר וועט אויסגעפינען וואָס פאַר אַ מענטש איך בין! — האָט ער אלץ טריאומפירט.

ס׳איז געקומען א קליינע פויזע, איך האָב אָפּגעאָטעמט. יענער האָט ווי־דער זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן. פּלוצלינג האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— איר רויכערט?

— ניין, איך רויכער נישט!

— איר שפּילט אין קאָרטן, וואָס פאַר אַ גיים?

— ניין, איך שפּיל קיין קאָרטן, קיין גיים נישט!

— אזוי, איר שפּילט קיין קאָרטן נישט! — האָט ער זיך געקרימט, — און וואָס איז מכוח א לחיים? איר מאַכט אַ שנעפּסעלע?

— ניין, כ׳מאַך קיין שנאַפּס

— כ׳מיין, איר טרינקט?

— יאָ, כ׳טרינק טיי, קאַווע, וואַסער!

— איר זייט אַ פיינער טרינקער! כ׳זע שוין אז איך בין אריינגעפאַלן מיט אייך. גאָרנישט קיין פאַסיקער שכן זייט איר! — האָט מיר יענער מיט אַ זויער פנים אריינגעזאָגט.

אויפן ערשטן מאָמענט האָב איך זיך גפּילט געפּלעפּט, נישט געוווסט וואָס ענטפערן. כ׳האָב שטאַרק חשק געהאַט זאָגן יענעם, ער זאָל מיך לאָזן צורו, ער זאָל גיין געזונטערהייט, גיין צו אנדערע שכנים. כ׳האָב מיר געטראַכט אז כ׳בין שוין גוט אריינגעפאַלן מיטן שכן, ס׳איז דער אמתער נודניק...

אָבער באַלד איז ווידער יענער ארויס מיטן לשון:

— וואָס איז מכוח ספאָרט, וועלכן ספאָרט האָט איר צום בעסטן ליב?

— איך בין נישט קיין ספאָרטמאַן! — האָב איך קורץ געענטפערט און געטראַכט ווי ווערט מען פון אים פטור.

—וואָס, איר זייט נישט קיין ספאָרטמאַן? — איז יענער אויפגעקאָכט געוואָרן, — ווער גלייבט דאָס היינט נישט קיין ספאָרט? יונג און אַלט פארנעמען זיך מיט ספאָרט! ס׳איז דאָך מיט אייך וועגן קיין זאַך נישטאָ צו ריידן. אָבער נישקשה, אז איר וועט זיין מיין שכן וועט איר זיך גיך ענדערן. שוין נישט איין שכן געמאַכט פאַר אַ לייט דאָ! ווייסט איר אז נישט ווייט פון אייך, דאָס פינפטע הויז, האָט אויך אזא ווי איר, א שכן, גאָרנישט געוווסט וועגן קיין זאַך, נו, האָב איך אים אויסגעלערנט. און אויפן ווינקל גאַס דאָ וווינט אַ פויער, פּרוּוון מיר זיך אלעמאָל פאַרמעסטן מיט באָקסן. איך האָב שטאַרק ליב באָקסן. נישטאָ קיין באָקס־מעטש איך זאָל נישט זען. דעם אמת געזאָגט בין איך אליין אויך א שטיקל באָקסער, שוין עטלעכע מאָל געוווּנען פייטס. אָבער איר ווייסט דאָך, כ׳בין דאָך אַ ייד, האָב א ווייב מיט קינדער, פאַסט נישט היינט פאר מיר פארנעמען זיך מיט באָקסן. אויב איר האָט חשק וועל איך אייך ווייזן ווי צו באָקסן!

— ניין, אַ דאַנק, איך האַלט נישט פון באָקסן! — האָב איך יענעם גיך געענטפערט און מיר איז אדורך אַ שוידער איבערן לייב.

— וואָס הייסט איר האַלט נישט פון באָקסן? ווער היינטיקע צייטן האַלט דאָס נישט פון באָקסן? אפילו קינדער פארנעמען זיך דערמיט. אז איר וועט זיין מיין שכן וועט איר שוין קאָנען די תורה פון באָקסן! שטעלט זיך אויף, וועל איך אייך ווייזן ווי צו באָקסן!

— ניין, איך האָב קיין צייט דערפאַר! — האָב איך קוים ארויסגעשטאַמלט.

— צייט־שמייט, נאַרישקייטן, באָקסן איז וויכטיקער פון צייט און געלט. דאָס איז א פראַגע פון פארטיידיקן זיך. ס׳איז פאר אייגן געזונט־וועגן, פארן אייגענעם לעבן. אָט, למשל, גיב איך אייך אַ זעץ אין נאָז! — רופט ער זיך אָפּ און הויבט אויף זיינע גרויסע גראָבע הענט, — מוזט איר באַלד זען מיר אונ־

טערהאַקן אַן אויג. נאָכדעם שלאָג איך אייך אויס די ציין, האַקט איר מיר אונטער די גאָמבע; גיב איך אייך אַ זעץ אין קאָפּ, דערלאַנגט איר מיר אַ בוכץ אונטערן הארצן, אין בויך, אָדער ווו אייך געפעלט!...

און גאָרנישט וואַרטנדיק נעמט יענער און הויבט אָן מיר זעצן אין פּנים, אין די אויגן, אין בויך... מיר ווערט פינצטער, עס שווינדלט מיר פאר די אויגן, כ׳ווייס נישט וואָס ארום מיר קומט פאָר. איך וויל שרייען ,רופן הילף, אָבער מיר ווערט ענג אין האַלדז, עס פארקלעמט מיך ביים הארץ. איך פיל ווי יענער וואַרפט מיך ווי אַ פילקע און אַלץ ארום מיר דרייט זיך ווי אין אַ שדים־טאַנץ...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך ווייס נישט וואָס ווייטער מיט מיר איז געשען. כ׳ווייס נאָר ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, געקומען צו זיך, האָב איך זיך געפונען אין שפּיטאָל און ארום מיר זיינען געשטאַנען קראַנקן־שוועסטערס וואָס האָבן מיר געלייגט קאָמפּרעסן און געטאַפּט מיין דופק...

שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן אז דער שכן וואָס האָט מיט מיר זיך באפריינדעט איז געווען אַ פּאַציענט פון אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע. נישט לאַנג צוריק איז ער דאָרט געווען...

---

# „אַ פאָטאָגראַף פון מיין מאַן"

צו א פאָרטרעטן־מאַכער קומט אריין אַ פרוי און פרעגט:

— דאָ וווינט דער וואָס מאַכט מענטשן?

— ווער?

— דער וואָס מענטשלט אָפּ!

— נישט קלאָר, וועמען זוכט איר, פרוי?

— כ׳זוך דעם מענטשן־מאַכער, דער וואָס פאָרטרעטלט!

— איר מיינט דעם פאָטאָגראַף?

— נייך, נישט קיין טעלעגראַף!

— איך פארשטיי, איר ווילט זיך אַראָפּנעמען?

— וואָס רעדט איר זיך אַראָפּנעמען, ס׳איז נישט פאַר מיינע יאָרן!

— איך מיין פאָטאָגראַפירן, אַ בילד, אַ פאָרטרעט מאַכן פון זיך!

— נייך, נישט פון זיך. כ׳ווייס ווי איך קוק אויס, איך קען זיך גוט!

— איז וואָס זשע ווילט איר? — ווערט שוין יענער אומגעדולדיק.

— איך וויל, פאַרשטייט איר מיך, מאַכן א פאָטאָגראַף פון מיין מאַן!

— איר ווילט מאַכן פון אייער מאַן אַ בילד?! גוט, ברענגט אים אריין, כ׳וועל מאַכן!

— איר רעדט זיך אָפּ „ברענגט אים אריין”. דאָס איז אוממעגלעך!

— פאַרוואָס אוממעגלעך? וואָס, ער האָט מורא קומען צו אַ פאָטאָגראַ־פיסט? זאָגט אים אז ס׳איז נישט שרעקלעך, אז עס טוט נישט ווי דאָס פאָטאָ־גראפירן!

— ניין, ער האָט נישט מורא. ער קאָן נישט קומען!

— אוודאי שטאַרק פארנומען. כ׳וועל אים לאַנג נישט אויפהאַלטן, אין 5 מינוט איז ער פאַרטיק!

— ער איז שוין לאַנג פאַרטיק!

— וואָס, ער האָט שוין זיך פאָרטרעטלט?

— ניין, ער איז געשטאָרבן!

—געשטאָרבן? וואָס זשע דרייט איר מיר א מוח וועגן מאכן אַ בילד פון אים?!

— אוודאי, ווען ער וואָלט געלעבט וואָלט איך קיין בילד נישט באַ־דאַרפט. אָבער אז ער איז נישטאָ, וויל איך כאָטש האָבן זיין בילד!

— כ׳פארשטיי, כ׳פארשטיי! — האָט צוגעשטימט דער פאָרטרעטן־מאַכער און איר געפרעגט: — האָט איר אייער מאַנס אַ פאָטאָגראפיע אויף צו מאַכן א בילד?!

— ניין, כ׳האָב נישט. ווען כ׳זאָל האָבן א פאָטאָגראַפיע וואָלט איך צו אייך נישט געקומען!

— איז ווי אזוי קאָן איך מאַכן אַ בילד פון אייער מאַן ווען ער איז טויט, און קיין שפור איז נישטאָ פון אים?

— מען האָט מיר געזאָגט אז איר זייט א גרויסער קינסטלער, איר קאָנט מאָלן א מענטשן לויטן שילדערן ווי ער האָט אויסגעזען!

— יאָ, — האָט דער קינסטלער זיך אָפּגערופן, — אָבער איר מוזט שילדערן אייער מאַן פּינקטלעך. כ׳מוז האָבן גענויע שטריכן ווי ער האָט אויס־געזען, יעדע קלייניקייט מוז איך וויסן!

— געוויס, כ׳וועל פאַר אייך מיין ליבן מאַן אָפּמאָלן אזוי גענוי, אז איר וועט אים זען א לעבעדיקן פאר אייערע אויגן!

— גוט, לאָמיר הערן! — האָט צופרידן זיך אָפּגערופן דער קינסטלער.

— מיין מאַן, — האָט די פרוי גענומען שילדערן, — איז פון דער נאַטור געווען זייער א קאַרגער מענטש. ער האָט אָבער געהאַט א גוט האַרץ, האָט ליב געהאַט צו טאָן יענעם אַ טובה. ער האָט אלעמאָל געהאַלטן וואָרט, געווען זייער אַ פּינקטלעכער מענטש! נאָר נישט פאַר אייך געדאַכט איז ער געווען טויב, טויב ווי די וואַנט. דאָס האָט גאָרנישט געשאַדט צו אונדזער פאַמיליע־לעבן. ער

האָט מיך באשאָנקען מיט דריי קינדער. זיי זיינען נישט קיין קינדער, נאָר בריליאַנטן זיינען זיי! אינגאַנצן דעם טאַטנס כאראקטער האָבן זיי! איר הערט, מיין מאַן האָט געהאַט אַ כאַראַקטער, וואָלטן זיך אנדערע געמעגט ווינטשן צו האָבן אזא! אפילו נישט אזא גוטן כאראקטער, אָבער דאָך א כאַראַקטער!

— אנטשולדיקט, ליבע פרוי! — האָט איר איבערגעשלאָגן דער קינסט־לער, — ס'איז מיר נישט אינטערעסאַנט דער כאראקטער, גיט מיר בעסער אי־בער שטריכן וואָס קאָנען מיר נוצן צו מאָלן דאָס בילד פון אייער מאַן!

— גוט, כ'וועל אייך איבערגעבן שטריכן. מיין מאַן האָט שטאַרק ליב געהאַט צו עסן מילכיקע מאכלים און געזאָלצענע זאכן! אָבער אויך מיט פליישי־קע עסנס האָט ער זיך נישט געוואָרגן!

— גענוג, גענוג! — האָט זיך אויפגערעגט דער קינסטלער און געזאָגט אויב איר קאָנט מיר נישט געבן קיין גענויע סמנים וואָס זאָלן מיר נוצן צו מאָלן אייער מאַנס בילד, זאָלט איר מיך לאָזן צורו און זיך גיין געזונטערהייט.

— אָ, איר ווילט סימנים. וואָס האָט איר באלד דאָס נישט געזאָגט! איך קאָן אייך גענוג סימנים פון אים געבן! ער האָט געהאַט אַ העפּט אויפן לינקן פוס. האָט אויך געהאַט אַן אַנדער שניט פון דער בלינדער קישקע וואָס מען האָט אים אויסגעשניטן נאָך אַלס בחור. ער האָט אויך געהאַט אַן איינגעוואַקסע־נעם גוידער. ער איז געווען אַ ביסל שיקלדיק, און ווען ער האָט גערעדט האָט ער זיך אָפט זאַהיקעט!

— גענוג, גענוג! — האָט דער קינסטלער זיך אויפגערעגט און געשריען.

— אנטשולדיקט, איך זע אז איר רעגט זיך אויף, פּונקט ווי מיין זעליקער מאַן. ער האָט אויך געהאַט אַ טבע זיך אויפצורעגן! אָבער איר זייט דאָך אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד, מוזט איר האָבן געדולד און מיך אויסהערן. דאָס וויל איך דאָך פאַר אייך מאָלן ווי מיין מאַן האָט אויסגעזען כדי איר זאָלט האָבן מאַטעריאַל צו מאָלן אים!

— גוט, — האָט דער קינסטלער אַ פאַרמאַטערטער געענטפערט, — אָבער גיט מיר אנדערע סימנים וועגן אייער מאַן!

— אָט האָט איך נאָך סימנים: מיין מאַן האָט געהאַט א קורצן אָטעם, האָט געהאַט אַ טבע צו שלוקעכצן שעהן־לאַנג. ער איז געווען אַ נערוועאישער מענטש, האָט ליב געהאַט צו קריגן זיך מיט די שכנים, און אז ער האָט נישט גע־האַט קיין שכנים מיט וועמען זיך צו קריגן, האָט ער זיך געקריגט מיט מיר!

— גענוג, לאָזט מיך צורו! — האָט דער קינסטלער זיך פארשטעלט די אויערן.

— כ'בעט אייך, רעגט זיך נישט אויף. שטערט מיר נישט צו שילדערן מיין מאַן! איך וויל איר זאָלט פון אים מאַכן א ריכטיקן בילד, נישט קיין פאַר־זעעניש! יאָ, כ'האָב שיער פאַרגעסן פאר אייך מאָלן ווי פרום מיין מאַן איז

געוועז. ער האָט נישט פארפעלט דאַוועגען, און אַן אַ טלית קטן און יארמולקע האָט ער זיך נישט אַ ריר געטאָן!

— אָבער ווי אזוי האָט אייער מאַן אויסגעזען, זאָגט מיר?! — האָט דער קינסטלער זיך געבעטן.

— ווי מיין מאַן האָט אויסגעזען? ווער האָט דאָס געהאַט דעם קאָפּ און געדולד צו קוקן. אַ, ווען איך וואָלט וויסן ווי ער האָט אויסגעזען וואָלט איך נישט געקומען צו אייך! איך זע שוין אז איר זייט נישט קיין קינסטלער — אַ קאַליקע, אַ פּאַרטאַטש זייט איר! איך רייד און רייד ווי מיין מאַן האָט אויסגעזען און איר הויבט נישט אָן וויסן פון הענט און פיס. אויך מיר א קינסטלער, פו! —

און יענע האָט בייז א שליידער געטאָן די טיר הינטער זיך און אוועק...

# אינשורט אייך!...

כ׳וועל זיך פאר אייך פאָרשטעלן: מיין נאָמען איז מר. גאַרליק, כ׳בין אַן אינשורנס־אייגענט, איך אינשור מענטשן, און אז איר ווילט, אינשור איך אויך בהמות און חיות! ביי היינטיקע צייטן אז אַ מענטש אינשורט זיך נישט, איז ער ערגער פון אַ בהמה... וואָס מ׳שטיינס געזאָגט איז דאָס גאַנצע מענטשלע־כע לעבן ווערט אַן אַן אינשורנס־פּאַליסי? אז מען האָט אַן אינשורנס־פּאָליסי איז מען גאָר אַן אַנדער מענטש — מען האָט א פּנים ביי ווייב און קינדער, מען קוקט אויף אייך — און מען האָפּט אויפן גליקלעכן טאָג!...

איך האָב אין מיין לעבן שוין פיל מענטשן אסעקורירט, ארויסגעגעבן שוין מער פּאָליסיס ווי איך האָב האָר אויף מיין קאָפּ. טאָקע פיל מענטשן זיינען אַ דאַנק מיר גליקלעך געוואָרן. איך האָב אינשורט יונגע מענטשן, וואָס די מאַ־מעס מילך איז זיי נאָך געלעגן אויף די ליפּן. היינט זיינען זיי שוין אַלטע לייט, טאַטעס, זיידעס, און פיל פון זיי זיינען שוין אויפן עולם האמת!

איך אינשור בחורים און פארהייראַטע, יונגע מיידלעך און אלטע מוידן, אַלע מיינע קליענטן זיינען מיר דאַנקבאַר. כ׳האָב דאָ אנומלטן ארויסגעגעבן אַ לעבנס־פאַרזיכערונג אַ יידן פאַר טויזנט פונט. עס האָט געדויערט עטלעכע וואָכן און די משפחה האָט באַקומען אויסגעצאָלט און מיר געוווּנטשן דערפאַר דאָס אייביקע לעבן!

די געזעלשאַפט וועלכע איך רעפּרעזענטיר גיט מיר דאָס רעכט ארויסצו־געבן אלע סאָרטן פּאָליסיס. איך אינשור קעגן פאַרשיידענע פאַרפאַלן און אומ־

גליקן, קעגן אויטאָ, באַן, עראָפּלאַן און אנדערע קאַטאַסטראָפעס, קעגן פייער, פארפלייצונגען, מגפות, ערד־ציטערנישן און קעגן אנדערע אָנשיקענישן.

אנומלטן כאַפּט מיך אָן אַ ייד און פרעגט מיך וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע וועל איך אים געבן, אז ער זאָל ארויסנעמען א פּאָליסי קעגן א קאַטאַסטראָפע, אַן אומגליק. האָב איך יענעם דערקלערט, אז עס ווענדט זיך וואָס פאַר אַן אומגליק, וואָס פאר א קאַטאַסטראָפע. האָט יענער געזאָגט אז די קאַטאַסטראָפע, דאָס אומגליק — איז זיין ווייב...

אַן אנדער ייד האָט צו מיר געזאָגט מיט שוים אויף זיינע גראָבע ליפּן, אז די אינשורנס־ביזנעס איז בלאָף, ער גלויבט נישט אין זיי, מחמת זיין פריינד, וואָס האָט פאר יאָרן לאַנג געהאַט א פייער־פּאָליסי און אויסגעצאָלט א מטמון מיט געלט פאר איר, האָט אויף צו להכעיס קיין שרפה נישט געהאט, האָט גע־צאָלט אומזיסט געלט. און ווען איינמאָל האָט ער מקיים געווען די מצוה פון בורא מאורי האש, מיט דער האָפענונג צוריקצוקריגן א טייל פון זיין איינגעצאָלטן געלט, נו, האָט ער געמאכט א פיינעם פראָפיט: די אינשורנס־לייט האָבן אים אריינגעזעצט דערפאר אויף חדשים־לאַנג אין חד־גדיא...

א צווייטער ייד האָט ווידער אַ טענה, אז די אינשורנס קעגן ערד־ציטערניש איז אויך א גרויסער בלאָף. נאָר נאַרישע מענטשן אינשורן זיך קעגן ערד־ציטערניש. ער הויבט נישט אָן צו פאַרשטיין פארוואָס זיי טוען דאָס. מילא, אז מענטשן נעמען ארויס א פייער־פּאָליסי, לייגט זיך נאָך דאָס אויפן שכל... אָבער ווי אזוי זיינען יענע פעאיק ארויסצורופן אַן ערד־ציטערניש?...

פאראַן נאָך און נאָך יידן וואָס האָבן טענות און פאראַן אזעלכע וואָס האָבן פאַרדרוס. ווען זיי זעען ווי אַנדערע ווערן באַגליקט, ווען יענע נעמען אָפּ פאַר זייערע פאַרזיכערונג, דאַן זעען זיי זיך ארום אז זיי זיינען נישט פאַרזיכערט. איז דעריבער די בעסטע זאַך — זיך אינשורן! ס׳איז גוט פאַר אייך און ס׳איז אויך גוט פאר דער משפחה. זיי וועלן בעטן פאר אייער לעבן, איז איר זאָלט זיך אינשורן, און זיי וועלן בעטן פאר אייער — — —

אָט האָב איך היינט ארויסגעגעבן א פּאָליסי אַ נייעם קליענט קעגן עק־סידענטן: יענער האָט אַ שוואַכקייט צו עקסידענטן. נישטאָ די וואָך ער זאָל נישט האָבן אַן עקסידענט. אויך האָט ער א שוואַכקייט צו פארליבן זיך אין מייד־לעך — און אַנדערע האָבן מיט זיי חתונה! לעצטנס האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ מיאוסער מויד, און דאָס מאָל האָט זי מיט אים חתונה געהאַט!... איצט האָט דער פאַרשוין ביי מיר ארויסגענומען אַ פּאָליסי קעגן עקסידענטן — און ווי זאָגט מען דאָס: ס׳איז קיינמאָל נישט שפּעט. ער האָט נעבעך געהאט א פינצטערן עקסידענט: אַ באַן איז אים איבערגעפאָרן און ער ליגט אין שפּיטאָל מיט צע־בראָכענע פיס, אין אַ ביטערן צושטאַנד. אז ער וועט נישט דורכציען וועט ער באַקומען א סך אויסגעצאָלט!...

יאָ, אויב איר האַלט ביים אינשורן זיך זאָלט איר דאָס נישט טאָן דורך קיין אנדערן נאָר דורך מיר. איך גיב אייך די בעסטע גאַראַנטיעס, די בעסטע פארזיכערונג! יאָ, איר דארפט אויך וויסן אז נאָך קיין איין קליענט מיינער איז נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט! נאָך א זאַך, אז מיינעם א קליענט איז שווער צו צאָלן די פּאָליסי, טוט ער זיך אַן עצה — ער שיסט זיך!

נו, מיסטער, לאָמיך אייך אינשורן!

---

# בלויז אַ חלום...

נאָך אַ לענגערן שפּאַציר אין פּאַרק האָט זעליג כץ, אַן עלטערער בחור, זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק, ווו א ביסל שפּעטער האָט זיך אויך אוועקגעזעצט אַ יונגע פרוי. זעליג האָט געפּרוווט זיך אָפּרוקן, יענע האָט גוטמוטיק גע־שמייכלט און זיך אָפּגערופן:

— דאַכט זיך, איר זייט מיר באקענט!

— מעגלעך, — האָט זעליג קורץ געענטפערט.

— אוודאי אייך געטראָפן אין מיוזנבערג?

— איך פאָר נישט אין מיוזנבערג!

— איז אין דערבן, איסט־לאָנדאָן?

— ניין, איך פאָר אין ערגעץ נישט! — האָט זעליג געענטפערט.

— וואָס הייסט איר פאָרט נישט. ווי פאָרט מען נישט אין מיוזנבערג אָדער צו אנדערע האָלידיי־פּלעצער? — האָט יענע געפרעגט.

— איך פאָר נישט.

— איך גלייך יאָ, אָבער איך קאָן זיך נישט דערלויבן. אויף צו פאָרן מוז מען האָבן צוויי זאַכן: געלט און צייט. איך האָב זיי ביידע נישט!

— אויב איר האָט נישט קיין צייט, — האָט יענע מיט א שמייכל געענט־פערט, — איז א סימן אז איר האָט געלט. איר זייט געוויס אַן אויסגערעכנטער?!

— אפשר, — האָט זעליג געענטפערט.

ביידע זיינען געבליבן זיצן שווייגנדיק.

— איר ווייסט וואָס, — האָט יענע פּלוצלונג זיך אָפּגערופן, — איר געפעלט מיר... אָט אזא מאַן ווי איר איז אלעמאָל געווען מיין חלום. מיין גאנצן לעבן האָב איך געהאָפט זיך צו באקענען מיט אזא ווי איר!

דאָ איז זעליג געבליבן שולדיק מיט אַן ענטפער. ער האָט נישט פאַר־שטאַנען וואָס ארום אים קומט פאָר. שיין האָבן געקלונגען פאר אים די פרויס

רייד. אים האָט זיך געדאַכט אז עס איז אַ חלום... ער האָט געקוקט אויף איר ווי איינער וואָס וואָלט וועלן זיכער מאַכן וועגן דעם.

דערווייל האָט יענע זיך נעענטער געזעצט צו זעליגן און געזאָגט:

— יאָ, איר געפעלט מיר שטאַרק. אייער שווייגן, אייער באשיידנקייט זאָגט פיל און פאַרזיכערט אז איר וועט זיין אַ געטרייער מאַן, אַ גוטער פריינד, אַן ערלעכער לעבנס־באגלייטער. יאָ, אזא האָב איך אלעמאָל געשטרעבט האָבן!

זעליג האָט געשוויגן.

— יאָ, יאָ, אייער שווייגן איז פאר מיר מער ווי גערעדט. איך דערקען אין אייך אז איר זייט אַן איידעלע נשמה, איר דארפט אויך זיין גוטער. איך זע, איר זשענירט זיך. יאָ, אַלע גוטע מענטשן זיינען אזוי, זשענירן זיך, זיינען נישט דרייסט!

זעליג האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער יענע האָט אים פארכאַפּט און פאַרגעזעצט:

— נו, יאָ, מיר זיינען דאָך דערוואַקסענע מענטשן, צו וואָס זיך זשענירן. לאָמיר זיין אָפנהערציק... כ׳וויל אייך מאַכן א פאַרשלאַג. אָבער איידער איך טו דאָס וויל איך אייך עפּעס פרעגן.

— פרעגט! — האָט זעליג זיך ארויסגעכאַפּט.

— זייט איר פאַרהייראַט?

— ניין.

— אַ בחור?

— יאָ, אַ בחור! — האָט פאַרשעמט געענטפערט זעליג.

— אויב אזוי איז מיין פאַרשלאַג מיר זאָלן נישט איבעריק טראַכטן, נישט אָפּלייגן, מיר זאָלן חתונה האָבן!

— וואָס? — האָט זעליג אויסגערופן מיט אַ געענדערטער שטימע.

— יאָ, חתונה האָבן. — האָט מיט א שמייכל יענע געענטפערט. איר וועט נישט חרטה האָבן, איר וועט צופרידן און גליקלעך זיין. איר קענט מיך נישט, אָבער איר וועט זיך גיך איבערצייגן אין מיר. כ׳וועל אייך זיין א געטרייע, אַ גוטע, אַ פריינדין, ממש אַ מאַמע!

— אָבער איך האָלט נישט פון חתונה האָבן, איך וויל זיך נישט פארבינדן, כ׳האָב דאָס אַלעמאָל אויסגעמידן! — האָט זעליג דערקלערט און געוואָלט זיך אויפהייבן אוועקצוגיין.

די פרוי האָט אים פארהאלטן, ארומגענומען אים מיט אירע צאַרטע הענט און מיט א קלינגענדיקער זיסער שטימע געזאָגט:

— איך פארשטיי אייך, אוודאי מאַטעריעל נישט בכוח. אָבער ס׳איז נישט וויכטיק. איך בין רייך, איך פארמעג גענוג אויף אויסצוהאַלטן אונדז ביידן פאַר לאַנגע, לאַנגע יאָרן. איר וועט ביי מיר נישט ארבעטן, איך האָב גענוג, גענוג...

זעליג איז געבליבן זיצן אויף דער באַנק ווי אַ געליימטער. די צונג איז אים שטייף געבליבן אין מויל. ער האָט נישט געקאָנט אויסריידן אַ וואָרט. ער האָט נישט געוווסט וואָס מיט אים קומט פאָר.

די פרוי האָט געקוקט אויף זעליגן און צו אים געזאָגט:

— יאָ, טייערער, גאָט אליין האָט דיך צוגעשיקט פאר מיר, מיין זיווג. לאָמיר נישט פאַרלירן צייט, לאָמיר אָפּמאַכן, באַשטימען א חתונה. כ'האָב ביי זיך א ביסל געלט, כ'וועל עס דיר אוועקגעבן. אָבער איך האָב פיל מער אין די בענק, פון פּראָצענט אליין וועלן מיר קאָנען לעבן באַקוועם און שיין און חוץ דעם האָב איך הייזער, צירונג, וועסט נישט דאַרפן ארבעטן און נישט זאָרגן!

זעליגן האָט אזש גענומען שווינדלען פאר די אויגן פונעם גליק וואָס האָט אים פּלוצלינג געטראָפן. ער האָט זיך דערפילט נישט דער זעלבער זעליג. עס האָט האַסטיקער גענומען צירקולירן דאָס בלוט אין אים און ער האָט זיך דערפילט יינגער, שטאַרקער. אין די אויערן זיינע האָבן נישט אויפגעהערט צו קלינגען די צאַרטע און זיסע רייד פון דער פרוי. ער וועט דאָך זיין גליקלעך, מער נישט אַרבעטן, מער נישט זאָרגן.

זעליג האָט זיך פארטראַכט: ער איז דאָך מער נישט קיין יונגערמאַנ־טשיק, שוין אריבער פופציק. לעצטנס האָט ער זיך גענומען פילן שוואַך. עס איז אים שוין דערעסן דאָס שלעפּן זיך איבער הייזער און קראָמען מיט די טשע־מאָדאַנעס האַנטעכער און טישטעכער. עס איז א שווערע שטיקל ארבעט. אפשר איז טאַקע אַ פּלאַן, אפשר איז אָט די פרוי א צוגעשיקטער גליק פאר אים? ער איז איינזאַם, אָן פריינד, איז אליין, אליין.

ביי זעליגן אין מוח האָבן זיך גענומען מישן פארשיידענע געדאַנקען, ער האָט געטראַכט: ער טאָר אזא געלעגנהייט נישט אָפּשטופּן, אזא גליק. אַ קלייניקייט, ער וועט מער נישט דאַרפן ארבעטן, נישט זאָרגן. ער וועט זיין גליקלעך, גליקלעך.

די פרוי האָט נישט אראָפּגענומען אירע אויגן פון זעליגן. פּלוצלינג האָט זי אים גענומען גלעטן. זעליג האָט דערפילט אז עס איז אים קיינמאָל אזוי גוט נישט געווען ווי איצט. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער יענע האָט אים פאַרשטעלט דאָס מויל, האָט אים אָפּגעפּרעסט אַ קוש. זעליג האָט זיך ממש אין גאַנצן פאַרלוירן, נישט געוווסט וואָס מיט אים קומט פאָר. יענע האָט אים באַדעקט מיט קושן, זעליג האָט איר אָפּגעדינט, געקושט איר, און זי — אים, ביז, ביז... ער האָט דערפילט איבער זיינע באַקן — פייערדיקע פּעטש...

* * *

ווען זעליג איז צו זיך געקומען האָט ער דערזען אז זיין גליק האָט ווי אַ זייפנבלאָז געפּלאַצט... די פרוי, וועלכע האָט זעליגן פאַרשפּראָכן דאָס טע־לערל פון הימל איז נעבעך געווען — אַ גייסטיק־קראַנקע...

# אַ ווייב אַן אַקטריסע

כ'וועל אייך פאָרשטעלן מיין לאַנדסמאַן: זעליג קאַראָסעל הייסט ער. ער האָט חתונה געהאַט מיט א מיידל — א שטיל יידיש מיידל, א פשוטע, האָט נישט געקאָנט קיין צוויי ציילן. פון דעסטוועגן האָט זי באוויזן יעדעס יאָר אָפּ־צוציילן א צווילינג, און א דאנק דעם, נאָכן אָפּציילן 3—4 צווילינגס, האָט זי, מיין לאַנדסמאַנס ווייבל, באַקומען לשון. זי איז אַ גאַנצע רעדנערין געוואָרן. און נישט נאָר אַ רעדנערין איז מיין לאַנדסמאַנס זעליגס ווייב, זי איז אויך גע־ און נישט נאָר אַ רעדנערין איז מיין לאַנדסמאַנס זעליגס ווייב. זי איז אויך גע־ביי יעדער געלעגנהייט, אויף דער קלענסטער זאַך, מאַכט זי אים סצענעס... אז זעליג קומט אהיים אַ ביסל שפּעטער פון זיין ארבעט, ווייסט ער שוין אז זיינע וועט אים אויפשפּילן. אַלס מיידל איז זי געווען אַ שטילע, אָבער אַלס ווייבל האָט זי זיך אינגאַנצן געענדערט, דער עיקר — איר מויל. ווען זעליגס ווייב עפנט איר מויל פילט זעליג ווי דער הימל וואָלט זיך שפּאַלטן. אויב דער הימל שפּאַלט זיך נישט, שפּאַלט זיך אָבער זעליגס מוח. צו דעם האַלטן נאָך אונטער זיינע דריי־פּיר צווילינגס. אַ גאַנצן אַנסאַמבל האָט ער מיט אַן אייגענעם אָרקעסטער...

עס האָט מאָל זעליגס לאַנדסמאַנשאַפט איינגעאָרדענט אַ קאָנצערט און געזוכט קרעפטן אנטיילצונעמען, האָט זיי טאַקע זעליג פאָרגעלייגט זיין יידענע: זי איז בארופן דערפאַר, איז א גוטע אקטריסע האָט זעליג געטענהט. זי איז פעאיק מאָכן גוטע סצענעס און אז זי וויל קאָן זי זיי גוט אויפשפּילן...

זעליג האָט זיך ארויסגעשטעלט מיט זיין ווייב און זיך בארימט מיט איר אז זי איז נישט נאָר אַן אַקטריסע וואָס קאָן אויפשפּילן און מאכן סצענעס, זי קאָן אויך טאַנצן און זינגען. איר טאַנצן קערט אים איבער די קישקעס אין בויך און איר זינגען עפנט אים זיין מוח. זי איז א גרויסער טאַלאַנט און עס וועט זיין א דערפאָלג...

אַנומלטן איז זעליג קראַנק געוואָרן. ווען דער דאָקטאָר האָט אים אונ־טערזוכט, האָט ער פעסטגעשטעלט, אז ס'איז זעליגן קיין זאַך נישט. ער איז געזונט ווי אַ נוס, נאָר האָט באַקומען אַ שטיקל נערוון־ברוך, און דאָס זאָל זיין די סיבה פון זיין ווייבס טאַלאַנט, פון אירע סצענעס וואָס זי שפּילט אים אויף.

זעליג איז פון דער נאַטור א שטילער מענטש, האָט ער דעריבער חתונה געהאַט מיט א שטילער און פשוטער מיידל. ווער זאָל וויסן, — באַקלאָגט זיך

זעליג, — אַז נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעלעבט מיט זיין ווייב קרוב 10 יאָר, זאָל ער אין איר פּלוצלינג אַנטדעקן אַ טאַלאַנט, ער זאָל באַגליקט ווערן מיט אַ ווייב אַן אַקטריסע!

איינמאָל האָט זעליג זיך אָנגענומען קוראַזש און אײדל זיך אָפּגערופן צו זיין ווייב און צו איר אַזוי געזאָגט:

— חיהלע, ווייסט וואָס, כ׳האָב באַרעכנט מיר זיינען נישט מער קיין גלייכע פּאָר. מיר זיינען היינט אַנדערש ווי געווען אַמאָל — צוויי באַזונדערע וועלטן! און אַזוי ווי דער אשמדאַי האָט זיך אַריינגעריסן אין אונדזער לעבן און מאַכט אונדז אַז מיר זאָלן זיך רייסן די נעזער, עסן זיך איינער דעם אַנדערן די לעבער און גאַל, איז אפשר בעסער מיר זאָלן זיך צעשיידן — זיך גטן! אַז זיין ווייב חיה האָט דאָס דערהערט, האָט שוין זעליגן קיין צרות נישט געפעלט. איצט האָט זי גענומען אויסנוצן איר גאַנצן טאַלאַנט און זי האָט אים גענומען מאַכן איין סצענע נאָך דער אַנדערער מיט גרויסן עקסטאַז, מיט ברען און פייער, אַז זעליגן האָט גענומען וואַרפן אין קדחת. זעליג האָט באַדויערט זיין שריט און זיין ווייבל האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט און אָפטער גענומען מאַכן אירע סצענעס, אויסגענוצט איר טאַלאַנט. און דער אָרעמער זעליג האָט נעבעך געשוויגן, זיינע נערוון האָבן גענומען ווערן ערגער און ערגער.

היינט איז זעליגן גוט ווי די וועלט. ער איז ווייט, ווייט אַוועק פון זיין ווייב די סצענע־מאַכערקע. זי האָט אים איינמאָל, אין אַ פינצטערן טאָג, אויפֿגעשפּילט אַ סצענע, אַז ער איז אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן און זיינע נערוון האָבן דאָס נישט אויסגעהאַלטן. ער געפינט זיך אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר גייסטיק קראַנקע.

אַז מען האָט אַ ווייב אַן אַקטריסע ארבעט מען זיך ארויף אַזוי, אַז עס איז אָך און ווי...

אַלע נעמען און כאַראַקטערן אין דעם בוך זיינען פיקטיווע און האָבן ניט קיין שייכות
צו וועלכער ניט איז לעבעדיקער פערזאָן.

Printed by Pacific Press (Pty.) Ltd., 302 Fox Street, Johannesburg, South Africa.

